לייב ניידוס

# לידער

ערשטעס בוך

לייב ניידום.

# ליריק.

ערשטעס בוך



פערלאג פון י. אוטשין, יעקאטערינאסלאוו.

תרע"ה.

De la musgue avant tout chose !

Paul Verlaine.

## לירישע אוווערטיורע.

אַריבער מיינע גערטנער און געמעכער
די לבנה שטייגט—דעם קעניג אָוועגד'ס הערב.
עס וואַרט דער וויין אין מיינע לאַנגע בעכער,
און ט'וואַרטען פרוכט אין דין-געפלאָכטנע קערב.

איך האָב די פרוכט אַ גאַנצען טאָג געקליבען —
אַ העל געמיש פון גאָלד, פון גרין און ראָז;
פון צייטינקייט פון אייגענער געטריבען
זיי פלענען פאַלען, זיפצענדיג, אין גראָז.

אָט ליגען זיי צושפרייט אויף דינע גראָזען:
גראַנאַטען, אין אַ גאָלדען הויט געפּאַסט,
און שמעקעדיגע שטייפע אַבריקאָזען,
און טרויבען מיט דער שווערער זאַפטען-לאַסט.

אָ, קומט צו מיר, איהר ערשט־צובליהטע מיידען,
ווי סטרונעס—שלאַנק, מיט אויגען פון אַ לאַם,
איהר, וועלכע ליעבט אין ווייסען גאַז זיך קליידען,
וואָס זיפט־אַדורך פון לייב דעם ראָזען פלאַם!

און איהר — פערקלערטע יונגלינג׳ס, מיינע ברידער,
קומט אויך צוגעהן! איהר, שאָטענס פון מיין גליק,
מיט בלאָנדע לאָקען, מיט אַפּאָללאָ׳ס גליערער,
מיט ערשטער דורשט אין נאָך־פערטרוימטען בליק!

ביי מיינע שלאָס־קאָלאָננען, וועלכע בלייכען,
ערוואַרט איך אייך מיט פירות און מיט וויין.
עס ברענט שוין לאַנג דעם אָוּוענד׳ס קעניג־צייכען,
בעגריסענדיג מיך הייליג מיט זיין שיין.



# דיין בליהען.

דו ביזט ווי יונגע בוימער-בלעטער,
ווי ווייסע קנאָספּען, שטייף-פּערקניפּטע,
וואָס וואַרטען אויף דעם זומער-וועטער,
אויף שטראַהלען הייס׳ע און פּערליעבטע.

דו ביזט אַ שטיק פון מאַרמאָר קאַלטען
וואָס וואַרט אויף אומבעקאַנטע גייסטער,
זיי זאָלען שטראַהליגע געשטאַלטען
בעשאַפען מיט אַ האַנד אַ דרייסטער.

דו ביזט ווי סטרונעס, וועלכע שטומען,
און וואַרטען איינזאַם אויף דעם זינגער,
וואָס וועט צו זיי מיט בענקשאַפט קומען
און וועקען הימנען מיט די פינגער.

דו בליהסט, נור אָפטמאָל איז דיין בליהען
בעפלעקט מיט אומרוהיגע שרעקען:
„ווער וועט דער ערשטער מיך צוגליהען,
און וועט מיין מיידעל-סוד ענטפלעקען?"...

✽

# פרויען איז פענסטער.

שוין.

מען עפענט שוין באַלקאָנען, מען צושטעלט אויף זיי וואַזאָנען,
וואָס דערפרישען און דערמאָהנען עפּעס היימליכ'ס, עפּעס ליעב'ס.
און אין פענסטער, ביי גאַרדינען, קאָן מען מיידעל-קעפּ געפינען:
ליפּען — מיעדיגע רובינען, און די באַקען — ראָזער גיפּס...

טרוימיש זיצען זיי און טראַכטען אין די דופּטיגע פאַרנאַכטען,
אין דעם פריהלינג ניי-ערוואַכטען, וועלכער זאָגט זיי עפּעס צו;
מיט דעם אַנגענעהמען ציטער פון אַ בענקשאַפט אַ צובליהטער
וואַרט עס יעדע אויף איהר ריטער, נישט געפינענדיג קיין רוה...

ס'אַיילען מענער פאַר די פענסטער... אפשר דער איז דאָס דער שענסטער,
אפשר יענער איז דער נעהנטסטער, וואָס זי וואַרט אויף איהם פון לאַנג?
נור אין לאָקען אַשיג-גרויע וואַרט אומזיסט אַלץ די לעווקאָיע,
און געהט-אויס'עט מיט הכנעה, ווי אַ הילפלאָזער פערלאַנג...

ס'שטאַרבען-אָפּ די מערב-פלאַמען, לעשען-אויס אין האָר די קאַמען,
און אָט הערט זיך פון דער מאַמען: „ט'זיין געגוג שוין... ס'איז שוין נאַכט!,
נור ס'איז ליעב דער מאַמעס שטראָפען, און עס ווילט זיך נאָך נישט שלאָפען —
און דאָס הערצעל בלייבט נאָך אָפען, חאָטש דאָס פענסטער איז פערמאַכט..."

✻

* *
*

דער טאָג איז אַ מידער צו מערב געגאַנגען,
אַ ווייסליכער רויך האָט פון לאָנקע געשטיגען,
און ווייט, ערגיץ ווייט, אין די פּאַליעס פון זאַנגען,
האָט הילפלאָז געציטערט אַ מיידעלשער ניגון...

עס האָט אין די אומקלאָרע טענער געקלונגען
די איינזאַמקייט פון די פאַרנאַכטיגע שעה'ען,
און שטיל פלעגט דער ווידערקלאַנג ווערען פערשלונגען
אין דופטיגע אָטהעמ'ס פון פערעלנע טהויען...

און אַיינגעפּרעסט ליכט אין דעם גרינם פון די גראָזען,
געקוקט האָבען מיידעלשע פוס־טריט געהיימע,
און איך האָב מיך געהן מיט די שפּורען געלאָזען,
ערפיהלט מיט אַ היימליכער, האַרציגער אימה...

נור טיעפער פלעגט ווערען דער טונקעל דער קיהלער,
איך האָב אין די שאָטען'ס די שפּורען פערלאָרען,
און וואָס איך בין ווייטער געגאַנגען, אַלץ שטילער
פלעגט קלינגען דאָס ליעד אין די פּאַליעס פון קאָרן...

אַ בענקשאַפט האָט שטיל פון דעם ניגון געלויערט,
און ס'האָט אַ געדאַנקען גענומען זיך שפּינען:
אַז עמיץ אַ טרייער און נאָהנטער בעדויערט,
וואָס ר'קאָן צו מיין האַרצען קיין וועג נישט געפינען...

*

# קנאָספּען.

קנאָספּען שלאָפֿען... שטילער, שטילער...
קנאָספּען, צערטליכע ווי דו...
ס'וויינט אַ ווינטעל וואו... וואָס וויל ער?
ווינטעל, שווייג! נישט שטער די רוה!...

קנאָספּען שלאָפֿען... גרינגער, גרינגער
די בעגרינטע ערד בעטרעט...
שטרעק, מיין קינד, די דינע פֿינגער
און פֿערגליווער אין געבעט...

קנאָספּען שלאָפֿען... ווייכער, ווייכער
רינט אויף זיי דער בלויער שיין,
רינט אַ דורכזיכטיגער, בלייכער,
ווי אַ טרויעריגער ווין...

קנאָספּען שלאָפֿען... שטילער, שטילער...
הערסט, ווי ס'צייטיגט דער בעגעהר?
ס'דוכט, עס זיפּצט דער טהוי דער קיהלער...
געה נישט... געה נישט... שטעה און הער!...

✻

# דער ערשטער אַרויסטריט.

עס איז אַ נייע באַלערינע
צום ערשטען מאָל אַרויס אין טאַנץ;
אַ שפּיעל געטהון האָט אויף דער ביהנע
פון ראָזען לייב דער מאַטער גלאַנץ.

עס האָבען טויזענד מענער-אויגען
געברענט פון נייגיער און בעגעהר,
און האָבען זיך צו איהר געצויגען
פון גאַללערייהע און פּאַרטער.

און ס'האָבען פרויען, אין פּאַרפומען,
געקליידט אין זיידען-שטאָפען נעט,
מיט אַ פערדראָס אַ שמערצליך-שטומען
געקוקט אויף איהר דורך אַ לאָרנעט.

ס'האָט דער עלעקטרי-שיין דער פרעכער,
די אָנגעשטרענגטע בליקען-רייד
געלערענט זי אַלץ הויבען העכער
דאָס קורצע, שוימיג-ווייכע קלייד.

די פרייד פון צווינגען און פערבלענדען
איז שוין געשטיגען אין איהר ברוסט,
און אין פערקיילעכדיגטע לענדען
האָט זיך אַלץ מעהר צובּרענט די לוסט.

צום סוף פון טאַנץ האָט, ווי אין נעפּעל,
אַ שטראָם פון קולות זיך צושפּריצט — — —
זי האָט אַ נויג געטהון איהר קעפּעל
פערשעמט אַ ביסעל און צוהיצט.

נור, מ'האָט אומזיסט זי מיט געריסען
צו זיך אַרויסרופען געמיינט:
אין קאַמער, הינטער די קוליסען,
האָט זי זיך פיעבערדיג צווויינט.

ווי זים געווען דער שמאַרץ איז יענער
ווען דאָס טעאַטער האָט געברויזט! — — —
זי האָט דאָך היינט ביים בליק פון מענער
צום ערשטען מאָל איהר לייב ענטבלויזט!...

*

# אויפ'ן שוועל.

ווי טריעב עס ברענט דער דינער אַמעטיסט
אין גינגאָלד פון דיין שמאָלען מיידעל-רינג.
אַלץ אָפטער צאַפּלען-אויפ'עט דיינע בריסט,
אַלץ הייסער ווערט דיין אָטהעם, וואָס איך טרינק.

פערשעמטער מאַכט זיך צו ביים קוש דיין אויג,
הכנעה'דיגער ציטערען די קניע;
און ליכטיג זינגט דיין יעדער קערפּער-בויג:
„ס'קומט מיטען-טאָג. אַוועק דער אין-דער-פריה".

ס'צובליהט דיין גוף אין פאָרגעפיהל פון חטא,
ווען פאַר'ן שלאָף דיין האַנד די האָר צופלעכט;
פון זינד-בעגעהר ווערט היים דיין מיידעל-בעט,
און לענגער ברענט די ליכט אין דיינע נעכט.

ס'געהט לאַנגזאַם אויס דיין פּיאַלאָטער סוד.
ס'ווערט אויסגעהויכט דיין שטילער פיילכען-טרוים.
געשלאָסען ווערט דער פריהערדיגער ראָד.
אַ נייער וועט דיר עפּענען זיין רוים.

און עמיץ וועט דיך אָנצינדען: „איך צווינג!
ביזט מיינע — שווייג! צו ווייסטו ווער איך בין?" — — —
און זינדיג וועט צושטראַהלען אויף דיין רינג
אַ בלוטיגער, אַ שלאָפלאָזער רובין.

*

# בעריאָזקעס.

איך האָב דיך געזעהן אין בעריאָזעווען וועלדעל
איינגאַנצען אין ווייסען געקליידט;
אַ לייכטינקער ווינט האָט די פּאַלדען פון קליידעל
ווי וואָלקענדלעך ווייסע צעוועהט...

אַ בלומען-קראַנץ האָסטו אין הענטעל געהאַלטען,
און שטיל האָט געשוועבט דיין געשטאַלט;
און ס'האָט אין דעם בלאָהליכען שיין פון די אויגען
געאָטהעמט די בענקשאַפט פון וואַלד.

עס האָבען געפּליסטערט די יונגע בעריאָזקעס,
זיך נויגענדיג צערטליך צו דיר:
„געקומען צו אונז איז אַ שוועסטער אַ נייע
אַ שלאַנקע און ווייסע ווי מיר"...

און דו ביזט אַלץ ווייטער און ווייטער געגאַנגען,
די בלימלעך פון קרענצעל געפּליקט,
און ס'האָט דיר אַ ווינטעל די פּאַלדען פון קליידעל,
ווי וואָלקענדלעך ווייסע צעוויעגט...

# מאַדריגאַל.

דו ביזט געווען אַמאָל, מסתמא,
אַ יונגע שעמעוודיגע בלום;
פון דיינע אויגען קוקט נאָך שטום
ביז איצט דיין בלומיגע נשמה.

דו ביזט צו אונז פון פעלד געקומען,
בעקרוינט מיט ציטערדיגען טהוי,
דעריבער ליעבסטו איצט אַזוי
די צאַרטע דופטענדיגע בלומען.

פון פריה ביז שפּעטע אָווענד־שעה'ען
איז פול מיט דופט דיין קליינער טיש —
דאָרט שמעקט אַ שטראַהליגער געמיש
פון היאַצינטען און לעווקאָיען.

דו פיהלסט די שטילע בלומען־טרוימען,
און נאָהנט פאַר דיר איז זייער וועה,
עס דוכט; דו בענקסט צוגלייך מיט זיי
נאָך ווייטע גאָלדען־גרינע רוימען.

און האַלסטו זיי אין האַנד אין דיינער,
איז לופטיג־דין דיין יעדער ריהר;
און אָט אַזוי איז אויך מיט מיר,
ווען כ'האַלט דיין קליינע האַנד אין מיינער.

יאָ, יאָ, דו ביזט געווען, מסתמא,
אַמאָהל אַ שעמעוודיגע בלום;
פון דיינע אויגען קוקט נאָך שטום
ביז איצט דיין בלומיגע נשמה.

*

# אַ ליעד פון אַ מיידעל.

און געהען מיידלעך שוין פון ברונען
צום לעצטען מאָהל מיט פולע קרוגען —
דאַן אייל איך — אין מיין טרוים פערשפונען —
בעגעגענען די אָווענד-צוגען.

איך איל, אין ווייסען קלייד בעצויגען —
אַ טרויעריגע אָווענד-כלה;
עס ברענט אַ סוד אין מיינע אויגען,
ב׳וועל איינעם נור איהם זיין מְגַלֶה.

איך געה פארביי די רעלסען-סטיינגעס
מיט בלומען, בלאַס ווי די לבנה;
איך טראָג זיי פאָרויכטיג: איך ברענג עס
מיין ווייטען ליעבסטען אַ מתנה.

ער קומט נישט אַלץ... דאָך קומען וועט ער,
חאָטש זעהן איהם האָט מיר נישט געלונגען,
נור ס׳האָט פערטרויט פון איהם דער עטהער,
און ס׳האָט דאָס גראָז פון איהם געזונגען.

איך קום צום שמאָלען, גרינעם שטעגעל,
דאָרט וואַרט איך מיט מיין טרוים צוזאַמען,
ביז ס׳לויכט אין ווייטקייט אויף אַ סֶגֶל
פון העלע, קיילעכדיגע פלאַמען.

עס קומט אַ ווייסער רויך צושוועבען,
און רעדער קומען מיט געזאַנגען,
און ערגעץ פאַלען נאָהנט, דערנעבען,
דריי שווערע, אָהנמעכטיגע קלאַנגען.

עס קנוילט דער רויך — דאָך באַלד צוקריכט ער,
און אין די פענסטער די בעשטראַהלטע
דערזעה איך אַלערליי געזיכטער,
נור אַלע — פרעמדע, ווייטע, קאַלטע — — —

און ווידער וועקט זיך אויף דאָס ברומען,
און רעדער ריהרען זיך פערשטויבטע,
און ס'פאַלען פון מיין האַנד די בלומען,
בעגלייט פון קלאַנגען דריי פערטויבטע.

*

* *
*

ס׳זעהט יעדען טאָג דיך עלף אַ זײגער
אין גאַס אַדורכשלײכען מײַן בליק;
דו טראָגסט אַ פּאַפּקע, װי דײַן שטײגער,
מיט אותיות גאָלדענע „Musique".

װי פֿרום די אױגען דײַנע לאָזען
אַראָפּ זיך דאַן... ס׳צובליהט דײַן מױל,
און ד׳אײַלסט פֿאַרבײַ, װי ס׳אײַלען האָזען
זיך שיצענדיג פֿון יעגער׳ס קױל...

איך זעה פֿון באַק דעם ראָזען שאַטען,
איך זעה דײַן פּאַפּקע, און איך שפּיר:
די ליעדער שלאָפֿען אין די נאָטען,
װי ס׳שלאָפֿט די לײדענשאַפֿט אין דיר...

דו געהסט צום לעהרער... דײַנע דינע
און בלאַסע פֿינגער, אײדעל-שמאָל,
זײ שפּיעלען דאָרט אַ סאָנאַטינע
צום פֿינפֿטען, צי צום צעהנטען מאָהל...

דאָך יענעם שפּיעל בין איך דיר מוחל:
ס׳איז ערנסט-הײליגער דאָס ליעד
פֿון נור-װאָס-אױפֿגעבליהטען שמײכעל,
פֿון נור-װאָס-אױפֿגעװאַכטען גליעד...

*

# יוגענד.

פריש געווען איז דער פריהמאָרגען,
און בעהויכט מיט טהוי פון גראָזען,
ווען איך האָב מיך מיט מיין שיפעל
אין דעם וויטען ים געלאָזען...

שטיל דער כּלה-ערד געסוד׳עט
האָט דער ים – דער יונגער חתן,
און געפלאַטערט אין דער לופטען
האָבען ווייסע אַלבּאַטראָסען;

און געקושט האָבען מיין זעגעל
ווינטלעך שמעקעדיגע, קיהלע,
אין די קושען האָט געאָטהעמט
אַ פריהמאָרגענדיגע תּפלה.

אין מיין ערשט-צובליהטען האַרצען
האָט געגליהט אַ זאַנפטער שמייכעל,
און אַנ׳אָבשיין האָט געציטערט
דאָרט פון גאָטס געהיימען היכל.

כ׳האָב פערלאָרען פון די אויגען
באַלד די סטיינגעס פון די ברעגען,
און די ים-ברוסט האָט געפיהרט מיך
איבער גאָלד-געשפינטע וועגען.

און ווען כ׳בין נאָך נאָהנט געוועזען
פון דער ערד – האָט מיר אַ העלע
ווייטע שטימע נאָכגעשריען:
„זיי געבענטשט דו, כּרובים-זעלע!"...

✻

* *
*

ס'מוז יעדער בעטרעטען – צו פריהער, צו שפעטער –
דעם שוועל דעם בעשערטען פון הייליגע גראָטען;
עס קומט עפּעס אָן און רעגט־אויף אונזער עטהער,
און אָט ווערען זוניגע קלאַנגען צושאָטען.

און דאָרטען, פון דרויסען די הייליגע גראָטען,
דאָרט שטאַרבען די אַלטע, פערלאָזענע געטער;
האָטש ס'וואַרפט זייער טויט אויפ'ן האַרצען אַ שאָטען,
דער שאָטען צורינט אָבער, פריהער צו שפעטער.

אָ גוטע, אָ ליעבע, פערלאָזענע געטער!
לעבט־וואויל! ס'רופט אַ סוד'יגער, זוניגער שטן...
נור שטרענג איז די רייפקייט פון גאָלדענעם וועטער, –
זי לאָזט אייך נישט צו צו די הייליגע גראָטען.

*

# צו איינער.

סאָנעט.

מיין אומבעקאַנטע טהייערע ברונעטין,
דו ווייסט נישט ווי איך וויל דיך, ווי איך גאַר!
עס קלינגט נישט אָפּ מיין צפון'דיגער צער
ביי דיר אין גוף דעם ליידענשאַפטליך-נעטען...

און חאָטש דו טרעטסט אויף גלאַנציגע פּאַרקעטען,
און שלאָפסט אין דופטיג-ראָזען בודואַר,
דאָך בלייבסטו פאָרט אַ קינד פון זאַנזיבאַר,
געצירט מיט קרעלען און מיט אַמולעטען...

דיר געהען נישט די מאָרע-היט... און ליידער
פערשוועכען דיך באַנאַל-געניייהטע קליידער,
וואָס לאָזען נישט דיין פּראַכט אַרויסזעהן פריי;

דיין בראָנז-געטאָקטער קערפּער איז בעשאַפען
צו דרעהען זיך אין טאַנץ פון שוואַרצע שקלאַפען
מיט אומפערשטענדליך-ווילדער קווימשעריי.

*

## ביי דער בלויער שויב.

דו שפּילסט ביים פענסטער. ס'טונקעלט. ס'בלייבן נאָטן.
און ביי די זייטן — צוויי פערוויינטע ליכט.
אַ העלפט אין שיין, אַ העלפט אין לייכטען שאָטן,
בעוועגט זיך קוים דיין מיידעלשעס געזיכט.

אַ וואַלד־בלום, ווי אַ קינד אין שויס פון מאַמען,
בעהאַלט זיך אויף דיין בלוזע אין אַ פעלד,
און הויבט זיך אָפּטמאָהל מיט דיין ברוסט צוזאַמען,
אַזוי ווי זי וואָלט רייסען זיך צום וואַלד.

דיין ווייסע האַנד, די בויגיגע און גלאַטע,
שוועבט־אום און פלאַטערט ווי אַ יונגע טויב;
עס ציטערט די „לבנה'יגע סאָנאַטע",
און ווערט פערשטאָרבען ביי דער בלויער שויב.

און די לבנה מיט אַ בליק אַ שטילען
נויגט־אָן זיך דורכ'ן פענסטער צום קלאַוויר,
און הערט, און הערט, — אַזוי ווי זי וואָלט פיהלען,
אַז אין דעם טונקעל זינגט מען עס פון איהר...

*

## בעז.

איך פריק דעם בעז, איך פליק און פליק,
און ס'דוכט זיך מיר: איך לעז
ביי דיר אין בליק דאָס בוּך פון גליק
אין דופט פון בלאָהען בעז.

עס האַלזט אַ שטראַהל דעם בוימער־שטאַם,
און פלאַטערט אויף און אָפּ;
און ס'צינדט זיין פלאַם דיין לאָקען־ראַהם,
דיין גאָלד־געקרויזטען קאָפּ...

כ'בעשיט מיט בעז דיין יעדען טריט,
עס קלאַפּט מיין הארץ און פלאַמט,
איך שיט און שיט, און ס'שיט זיך מיט
דיין קול ווי זילבער־זאַמד...

דו לאַכט... און ס'טוהט דיין ברוסט אַ ריהר
דעם ווייסינקען באַטיסט...
דו שפּיעלסט מיט מיר... כ'פאַל־צו צו דיר,
דו וועהרסט זיך, נור אומזיסט...

איך קוש, און דו פערוואַרפסט צוריק
דיין קעפּיל גראַציעז,
און כ'לעז דאָס גליק ביי דיר אין בליק,
וואָס שטראַהלט ווי בלאָהער בעז...



# בריעף.

אין איינזאַמע פאַרנאַכטען,
ווען כ'זיץ אין ווינקעל טיעף,
דאַן האָב איך ליעב צו טראַכטען
און לעזען דיינע בריעף.

די ליעבע־בריעף פערהילען
אין זיך אַ רייך פערמעג;
דאָ — העלע, ווי דיין ווילען,
דאָ — טריעבע, ווי דיין וועג...

און שטרענגע, ווי דיין אומשולד,
און גוטע, ווי דיין בליק,
דאָ — לאַנגע, ווי דאָס ליידען,
דאָ — קורצע, ווי דאָס גליק...

איך לעז ביים שיין פון לעמפּעל,
און ס'שלייכט זיך דורך צו מיר
אַ הייליגקייט פון טעמפּעל
דורך אַ געהיימע טהיר.

פערשעמט פון מיינע טרערען
שטיל בלייבט זי אין דער מיט;
עס דוכט – זי וויל ניט שטערען
מיין שמערצליכען געמיט.

און אלע שאָטען'ס שטעהען
פערגליווערט אויף די ווענט,
און בענטשען מיינע וועהען
מיט אויסגעשטרעקטע הענט.

און בריעף נאָך בריעף ערשיינען,
און שווינדלען פאַר מיין בליק,
דאָ – לאַנגע, ווי די פיינען,
דאָ – קורצע, ווי דאָס גליק...

*

# אין הערבסטיגען גאָרטען.

קום, ליעבסטע, צום הערבסטיגען, גאָלדענעם גאָרטען,
נור שטיל לאָמיר צוגעהן... אַ גוסס איז דאָרטען:
אין טרויער אין הילפלאָזען ליעגט דאָרט דער זומער,
ער אָטהעמט שוין קוים, אַ פערוועלקטער און שטומער...
מיט בלעטער-גאָלד שטיקען זיך אוים די אַלעען,
וואו ס'וואַנדערען ווינטען, ווי היימלאָזע רייהען
פון איינזאַמע גייסטער, פון זעלען פון טריעבע,
וואָס זוכען אַ ווינקעל פון רוה און פון ליעבע.
און דאָרטען, צווישען די בוימער וואָס שטעהען
פערגליווערט אין זייערע הערבסטיגע וועהען,
וואָס חלום'ען שעמעוודיג, נאַקעט-ענטבלויזטע –
זאָל הילכיגער קלאַפּען דאָס האַרץ דאָס צוברויזטע...
און ביי די בעריאָזקעס, די יונגע עגונות,
זאָל דורכקלינגען העל אונזער קוש אין דער לופטען,
אַזוי ווי דער ציטער פון זוניגע סטרונעס,
וואָס זינגט אונז פון פריהלינג, פון שכור'ע דופטען...
אַ צאַפּעל טהון וועלען די בלעטער אין ליידען,
ווי אונזערע הערצער ביי ביידען אין פריידען:
עס וועט יעדעס בלעטעל זיין פריהלינג דערמאָהנען,
וועט וועלען פערגעסען, וועט אָבער נישט קאָנען...

און הונדערטער בלעטער פאַר אונז וועלען קניען,
און העל זיך איין גאָלד פון זכרונות צעגליהען;
אָ, אָרעמע בלעטער! און דאַן, ווען מיר וועלען
אַרויסגעהן פון גאָרטען מיט זינגענדע זעלען,
זיך נאָכקייקלען וועלען זיי ווילד און אָהן סֵדֶר,
און קושען די זוימען פון אונזערע קליידער,
און וועלען בעגלייטען מיט טונקעלע שאָרכען,
און מיר וועלען שטיל און מיט בענקעניש האָרכען,
און וועלען זיי מורמלען: „פערצייהט אונז, געטרייע!
„פערצייהט אונז די גליקען, פערצייהט אונזער ליעבע
„אַצינד, ווען איהר שטאַרבט דאָ פערוועלקטע און טריעבע,
„ווען יעדע מינוט ברענגט אַ נייע לויה...
„פערצייהט אונז! פערצייהט אונז!"... און וועלען געבויגען
אַרויסגעהן פון גאָרטען... און שטיל אין די אויגען
ביי דיר וועלען טרערען זיך זוניגע צינדען,
זיך לעשען, זיך צינדען און ווידער פערשווינדען,
און פלאַמען אויפ'ס-ניי, ווי דאָס בלעטער-גאָלד דאָרטען...
— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —
קום, ליעבסטע, צום הערבסטיגען, גאָלדענעם גאָרטען.

*

# לעווקאָיען.

כ׳ליעב אייער בליק דעם שטומען,
וואָס וואָהט מיט אָוועגד־טהויען...
אָ, טהייערינקע בלומען –
פערחלומ׳טע לעווקאָיען!...

ווען זי האָט מיר געשענקט אייך
אין אָוועגד־סאָד אין בלויען,
האָט שטיל אַ טרער בעשוויינקט אייך,
פער׳חלומ׳טע לעווקאָיען!...

דורך אייך האָט מיין געגאַרטע
געוואָלט איהר האַרץ פערטרויען; –
דורך אייך, אָ, מיינע צאַרטע
פערחלומ׳טע לעווקאָיען!...

צי האָט איהר ווען געזעהען
אַ שענערע ביי פרויען?...
אַך, זאָגט – שטילט־איין די וועהען,
פער׳חלומ׳טע לעווקאָיען!...

דאָך צאַרט די בלעטלעך שטומען
ווי יענע אָוועגד־שעה׳ען...
ווי ליעב זענט איהר מיר, בלומען,
פער׳חלומט׳ע לעווקאָיען!...

*

# CHANSON TRISTE.

ס'האָט געשימערט דאַן דער גאָרטען אַזוי העל, אַזוי העל,
און געבלאַנקט האָבען די שנעען ווי דיין זעל, ווי דיין זעל...
האָסט זיך אומגעקעהרט דאַן ברוגז און אַוועק, און אַוועק
אין די ווייסע ווינטער-ווייטקייט ווי אַ פלעק, ווי אַ פלעק;
כ'האָב געהאָרכט ווי ס'קלינגען אָפּעט דיינע טריט, דיינע טריט,
און געפיהלט האָב איך: מיין זעלע געהט דיר מיט, געהט דיר מיט...
כ'בין פערבליבען אין דעם גאָרטען דאַן אַליין, דאַן אַליין,
וואו אין שטראַהלען נאָך געבלאָנדזעט האָט דיין חן, האָט דיין חן;
און געקריצט האָב איך דיין נאָמען אויפ'ן שניי, אויפ'ן שניי,
מיט אַ צווייג געקריצט דיין נאָמען פול מיט וועה, פול מיט וועה...
ווי דיין בליק, נעקוקט פון שניי האָט יעדער אות, יעדער אות,
און געוועקט ביי מיר אין האַרצען אַ פערדראָס, אַ פערדראָס,
און גערירט מיט כשוף-פינגער אַ פערלאַנג, אַ פערלאַנג,
און געוועזען איז מיר דאַמעלס אַזוי באַנג, אַזוי באַנג...
שטום געקוקט פון בוים-געפלעכטען האָט די נאַכט, האָט די נאַכט,
און געוואונדערט זיך אין שטילקייט און געטראַכט, און געטראַכט:
„וואָס דאַרט מאָלט דער שוואַרצער שאָטען אויפ'ן שניי, אויפ'ן שניי?"...
„צי פערזינגעלט ער זיין שמחה, צי זיין וועה, צי זיין וועה?"...
און דער שניי האָט צאַרט געשטראַהלט ווי ווייסע זייד, ווייסע זייד,
ווי די ברוסט פון מיין געליבטער. וואָס איז ווייט, וואָס איז ווייט...

*

## דעם װאַלד האָב איך ליעב...

דעם װאַלד האָב איך ליעב, װעלכער ציהט זיך אַװעק,
און שפּאַרט זיך אין הימעל אין זװיגען אײן;
אָך, נײן, נישט דעם װאַלד, נור דעם שמאָלינקען שטעג,
װאָס שנײדט זיך אין װאַלדיגען האַרצען אַרײן...

דעם שמאָלינקען שטעג האָב איך ליעב, װאָס איז בלױז
מיט מאָך און מיט אָרעמע בלימלעך בעצירט;
אָך, נײן, נישט דעם שטעג, נור דאָס אײנזאַמע הױז,
צו װעלכען דאָס שלײנגלענדע שטעגעלע פיהרט...

דאָס הױז האָב איך ליעב, װאָס איז ליכטיג בעקרױנט
מיט דופטיגע גרינ'ס, און מיט בױמער פערשטעלט;
אָך, נײן, נישט דאָס הױז, נור דאָס מײדעל, װאָס װאױנט
אין הײזעל אין יענעם, אין שטילען געצעלט...

*

# די מושעל.

ס אָ נעט.

---

בײ'ם ברעג פון ים אַ קלײנע מושעל ליעגט,
עס האָבען זי אַרױסגעשפּײט די װעלען;
זי חלומ'ט נעבען ים'ס צושװײנקטע שװעלען,
און שמײכעלט פאַרביג, קינדעריש בעגליקט.

דעם ים־תהום זעהט זי אין איהר טרױם איהר העלען,
זײן טױבעם רױשען זינגט אין איהר צעװיעגט;
עס איז אין איהר דאָס ליעד פון ים פערשטיקט;
זי האָרכט פון װאַסער דעם געלױף דעם שנעלען.

און אומעטום – אין טאָל אױף בלומען־ציער,
אין בלוט און רױך פון שטאָדט; אױף שנײ־בערג קאַלטע –
דער װײטער ים – ער לעבט מיט איהר, אין איהר.

אַ מושעל איז מײן האַרץ. עס בלײבט אין איהם,
װאו ס'זאָל נישט זײן, דײן ליעבע דײן צושטראַהלטע,
און ס'רױשט אין איהם דאָס עכאָ פון דײן שטים.

*

# Andante cantabile.

## I.

שאָטענ׳ס גרינע, דינע צווײַגען. ערגיץ װײנט אַ מאַנדאָלינע,
װי אַ תּפילה פֿון אַ װײַטער, אַ לבֿנה׳יגער מדינה.

אײנזאַם ציטערט זי, די תּפילה, װי אַ שטערען, װי אַ טהױעל,
און איהר צער איז טונקעל־הײליג, װי אַ גרױסען צדיק׳ס אוהל.

שטערען הערען. װערען שענער אין דעם זילבער-בלױען גליװער.
ערגעץ נאָהענט־נאָהענט, דוכט זיך, איז געפֿאַלען אױף די קניע װער.

אונז צופֿוסען, װי מיט גרוסען, אױף די זאַמדען פֿון אַלעע,
איז אַ שטראַהלעכעל געפֿאַלען – אַ לבֿנה׳יגע קמיע.

שאָטענס װעהען. די אַלעען האָבען אָרט איצט נור פֿאַר צװײען:
נור פֿאַר דיר און נור פֿאַר מיר מיט מײַנע פֿריהלינגדיגע װעהען.

װײַסע בליטהען אָפּט זיך שיטען; שיצען־היטען אונזער חלום,
װיגען־װיגען און פֿערװיגען מיט אַ לופֿטיגען קריסטאָל איהם.

זעהסט, געליבטע: די פֿערקניפּטע, װײס־בעזיפּטע קנאָספּען שלאָפֿען.
לאָז דײַן אױג און הארץ אַנטקעגען אַלע װײַטקײט־װעגען אָפֿען.

טהױען בלױען. שעה׳ען שטילע. קיהלע נאָהנטע האָריזאָנטען.
אונזער שטערען זעהסטו, ליעבסטע? אונזער בלױען, אַלט־בעקאַנטען?

אונזער שטערען... זײַן נשמה װײנט, מסתּמא, עם די דינע,
װערט צוגאַנגען אין די קלאַנגען פֿון דער באַנגער מאַנדאָלינע.



## II.

אין דעם שאַטענדיגען שימער פון מיין שמאָלען אָווענד-צימער
ווערסטו האַרציגער און נעהנטער און גערטייער און אינטימער.

ועהסט — דער אָווענד קומט צושווימען מיט זיין רויט-צעפּאַלבטען זעגעל.
גיב דיין האַנד, ווי ליעב בעקאַנט איז יעדער ראַנד פון דיינע נעגעל.

גיב די פינגער, גרינגער-גרינגער. אָט — איך קוש זיי, האַרציג מיידעל.
כ׳הער ווי שטיל אין זיי עס פליסען דיינע יחוס-בלוטען איידעל.

אַזוי מלכות׳דיג זיי פליסען. כ׳ווייס — פון דיינע עלטער-זיידעס
איז אַ קיניג ווער געוועזען. דיינע ברעמען זאָגען עדות.

דיינע לאַנגע באַנגע ברעמען. דיינע טרויעריגע אויגען,
און דער ווייבליך-ראָזער אויסבויג פון דיין דינעם עלענבויגען.

האָרכסט, עס גוסס׳ען די קלאַנגען; קלאַנגען טאָגעדיגע, פלינקע.
ס׳רוישט די שטאָדט אַלץ מיעדער, מיעדער, ערגעץ שפּיעלט אַ קאַטערינקע.

ס׳טוהט אַ ווערה מיט פרישע דופטען אין דער לופטען. דאָך פון וואַנען?
אַך, דאָס האָבען זיך צעוויקעלט אויף מיין פענסטער די טולפּאַנען!

איך און דו און די טולפּאַנען. ערגעץ ציטערען געזאַנגען.
ערגעץ ווערען בלויע שטערען אין דער טונקעלקייט צוהאַנגען.

מיינע, מיינע. יאָ, ביזט מיינע? נויג צו מיר דיין בלאָנדעם קעפּעל.
ערגעץ ציטערען געזאַנגען, טהויאיג זילבערט זיך אַ נעפּעל.



# אַ חלום.

ביזט געקומען מיר צו חלום; ס'האָט די נאַכט געררוהט בשלום;
אויף דיין קאָפּ, ווי זילבער־שקלים, האָבען שטראַהלעכלעך געבלאַנקט;
ס'לייב אין דורכזיכטיגע שטאָפּען, ליכטיג־צאַרט ווי מיינע סטראָפען,
און אויף ליפּעלעך האַלב־אָפען האָט אַ שמייכעל־שיין געצאַנקט...

און בעגלייט דיך האָבען פליגעל; איינער – ווייס, ווי טרוים אין וויעגעל,
שוואַרץ – דער צווייטער, ווי דער זיגעל פון דעם לויערדיגען טויט,
און געפּאָכט אין לופט אין בלויער מיט ענטציקונג און מיט טרויער,
און אַ שמערצליכען בעדויער אין דער טונקעלקייט פערטרויט...

האָסט אין איין האַנד ליכט געהאַלטען מיט אַ געלען פלאַם אַ קאַלטען,
אין דער צווייטער – אַ צושטראַהלטען און אַ בלויען בעזען־צווייג;
ס'האָט די אויגען מיר פערבלענדט ווער, ס'האָט מיין בלוט אין מיר צוברענט ווער,
נור געוועזען איז דיין ענטפער אין אַ ציטערדיגען „שווייג"!...

כ'האָב געזעהן: ביי דיין שוואַרצאַפּעל האָט אַ טרעהר געטהון אַ צאַפּעל,
און אַ סודות'דיגער שטאַפּעל האָט דיך אָבגעפיהרט אין דר'הויך;
ווי אַ לעצטער גרוס פון וועמען, פול מיט ווערהטאָגדיגען קלעמען,
איז בעפאַלען מיינע ברעמען אַ קריסטאַלעדיגער רויך...

*

# דאָס ליעד פון אַ בלום.

זי האָט געפליקט מיך פון די בייטען,
דאָך האָב איך נישט געפיהלט קיין וועה;
כ'האָב זיך געזעגענט מיט די קווייטען,
אַ שמייכעל וואַרפענדיג צו זיי...

איך האָב געפלאַמט, פון פרייד צושראַקען,
ביז ס'האָט איהר קליינע, שמאָלע האַנד
פערשטעקט מיך פלוצלונג אין די לאָקען,
אין שכנות מיט אַ ראָזען באַנד.

איך ליעג אין טונקעל-קיהלע וועלען,
און טראַכט פון איהר, דאָך וויים זי ניט,
ווי ס'הערט נישט אויף אין פיין זיך קוועהלען
מיין שטילער, בלומיגער געמיט...

זי וויים ניט, אַז איך זיפץ אַ טריעבער,
און אַז איך ציטער-אויף צומאָהל,
ווען אין דער לופט צושטראַהלט איהר ליעבער,
איהר מיידעלש-חנ'ווודיגער קול...

איך שיק פערליעבט איהר מיינע דופטען, —
מיין טהייער-איינציגען געשענק...
דאָך הערט זי ניט, ווי אין דער לופטען
דערצעהלט מיין דופט: „איך בענק... איך בענק..."

מיין הארץ נור וויים דער באַנד דער ראָזער,
ער איינער זעהט מיין טיעפען וועה...
עס וועלקט מיין טרוים מיין האָפנונגסלאָזער,
און עלענד שטאַרב איך און פערגעה...



# די העטערע.

סאָנעט.

דו ביזט געווען, מסתמא, אַ העטערע
אַמאָהל־אַמאָהל, אין לאַנד פון אַלטען גריך;
עס שטראַהלט ביי דיר אין יעדען פּנים־שטריך
פון זינדינקייט די וואַהנזיניגע לעהרע...

זאָג: האָסט אַ סך שוין, צערטלענדיג אויף זיך,
דערשטיקט מיט דיינע שוואַרצע צעפּ די שווערע?...
אָ, פרעכטיגע, בלוטדורשטיגע פּאַנטערע
אין קליידער און אין עלעגאַנטע שיך!...

בעשמיר דיין לייב מיט דופטיג־פעטען נאַרד,
צעשטעל ביים זייט די פולע בשמים־קרוגען,
צעלעג זיך אויף אַ פעל פון לעאָפּאַרד

מיט אַ פערשייטען שמייכעל מיט אַ קלוגען, –
און, קושענדיג דיך היים, וועל איך דערזעהן
די אָרגיען די ווייטע פון אַטהען!...

*

## סאָנעט.

זי איז פון אַ יאַפּאַנערין נאָך קלענער,
איהר גאַנץ געשטאַלט איז דראָבנע-עלעגאַנט;
איהר גאַנג דערצעהלט, אַז איהר איז גוט בעקאַנט
די קונסט, ווי צו געפעהלען זיין די מענער.

בעטראַכסט זי זינדיג – ווערט זי דאַן נאָך שעהנער;
ס'צעפּיעבערט זיך איהר קליינטשינק-דינע האַנט,
אַ ציטער גיט דער צאַרטער ברעמען-קאַנט,
און ס'קומען-צו אין קולכ'על נייע טענער...

די גאַנצע פאַלשקייט מיט דער פּראַכט אינאיינעם
איז אין איהר קערפּער דעם קאָקעטיש-קליינעם...
געפעהרליך שפּיעלצייג איז איהר יעדעם גליעד...

און אָפטמאָל וויל איך אויף די הענד זי נעהמען,
און קושען איהר די ברוסט, דעם האַלדז און ברעמען,
אַז זי זאָל צאַפּלען, פון מיין צערטלען מיעד...

*

# דערנאָך...

סאָנעט.

עס שלאָפען־אײַן אין בלוט די אָרחידעען,
די תאוה'דיגע, פלאַמענדיגע קװײטען;
מיר קוקען װאָכיג אײנער אױפ'ן צװײטען —
די לעצטע רעשטען לײדענשאַפט פערגעהען...

אַ גלײכגילטיגער ליעג איך, און איך לײען
בײ דיר אין אױג אַ קעלט, װאָס נעהמט זיך ברײטען,
װאָס װעט זיך באַלד אין גאַנצען גוף צושפּרײטען,
פערמעקענדיג די שעה פון זיסע װעהען...

ס'געהט־אױס די װילדע דורשט פון מײנע צײהנער,
װאָס האָבען אױף דײן פרױען־ברוסט דער רײנער
צום אַנדענקען אַביסען־שפּור געלאָזען;

און דײנע האָר — װי אונזערע שװאַרצאַפּלען —
זײ לױכטען קאַלט, און קאָנען מעהר ניט צאַפּלען
װי פריהער אױף דײן שולטער אױף דײן ראָזען...

*

# Berceuse.

וועהסט, מיין קינד: אויף דיין דעקע דער דינער פאַלט אַנ׳אָבשיין אַ בלאָהליכער־גרינער,
די לבנה׳יגע שטראַהלען — די שפינער שפינען בילדער דיר אוים אין דער נאַכט;
שלאָף, מיין איינציגע, שלאָף, מיין געגאַרטע! שלים די אויגעלעך דיינע די צאַרטע,
און פערגעס אָן די טרוימען גענאַרטע, וואָס דער היינטיגער טאָג האָט געבראַכט...

ס׳איז די נאַכט אַזוי הייליג און טהייער... לאַנג פערבערענט איז דער טאָג שוין, דער שרייער,
פון זיין פרעכען און שלאַנגיגען פייער איז געבליבען אַ הויפען מיט אַש;
רוהיג שלאָפען די גאַסען אין שאָטען, ווי געהיימע פערלאָזענע גראָטען,
און מען הערט נור, ווי ס׳זשומען די דראָטען מיט אַ דינעם, קוים־הערבאַרען רעש...

פלעקען זילבער, ווי איינציגע שטערען, ברענען שטיל אויף דעם וייד אויף דעם שווערען
פון די טונקעלע לילאַ־פּאָרטיערען, וואָס בעוואַכען דיין איינזאַמע טהיר;
ס׳שוועבען אומ׳עט לבנה׳יגע פלעמלעך אויף די וואַנדיגע בילדער און רעהמלעך,
צינדען אָן אויפ׳ן טיש דיינע קעמלעך, וועלכע ליגען און בענקען נאָך דיר...

שלאָף, מיין קינד: אויף דיין דעקע דער דינער פאַלט אַנ׳אָבשיין אַ בלאָהליכער־גרינער,
די צושמייכעלטע שטראַהלען — די שפינער שפינען מעשה׳לעך אוים דיר בעזאַכט;
אין דעם שטומען לבנה׳יגען שמועס וויקלען מעשיות זיך אויף, ווי רצועות,
נור די שענסטע לעגענדע ביזטו עס, אַ לעגענדע פון „טויזענד־איין־נאַכט“!...



# אײנמאָהל.

איך האָב געזעהן דיך אין טעאַטער, —
ווי דין דײן פּראָפיל האָט געקוקט!
מײן בליק, אַ גליקליכער און מאַטער,
האָט פאַר דײן שענקײט זיך געבוקט.

מײן בליק האָט דיך געקושט — און וואָס זשע —
ער האָט נישט אױפגערעגט דײן גלאַנץ;
דו ביזט געזעסען אין דײן לאָזשע
ערפיהלט מיט שטאָלצער עלעגאַנץ.

עס האָט געשוועבט בײ דײנע אױגען
דײן סוד, וואָס האָט צובליהט זיך פריה;
און, מיט דײן סוד, האָט זיך בעוואױגען
ביים הוט די בלױליכע עספּרי.

מיט אַן'ערפאַהרענקײט געאיבטער
פלעגט מײדען מיך דײן שטרענגער בליק;
און כ'האָב געמורמעלט, אַ פערליבטער,
אַ תפילה, פול מיט לײד און גליק:

„איך בענטש די רױז, וואָס אױף דײן קניע ליגט,
איך בענטש דײן קלײד, דײן האַנד איך בענטש
וואָס האָט בעגליקען ערשט בעוויליגט
דעם פליוש דעם רױטען פון פאַרענטש"...

און ס'האָט מײן בליק נאָך אלץ געבוקט זיך,
דערצעהלענדיג פון יונגען צער... — — —
אין לאָזשע־דונקעל האָט געטוקט זיך
אַ רױטעם פינטעל פון ציגאַר...

✽

## היאַצינטען.

פער׳חלומ׳טע און ראָזע היאַצינטען!
ווי צאַרט איהר זענט אין אַייער לעצטער פּראַכט!
צי זעהט איהר איצט דעם גאָרטען דעם בעגרינטען,
וואָס איז פאר אייך אויף אייביג שוין פערמאַכט? ...

צי טראַכט איהר איצט פון יענע מיידעל-פינגער,
וואָס האָבען אַייך פון גראָזען-בעט געפּליקט?
צי טראַכט איהר גאָר פון מיר, פון יונגען זינגער,
וואָס האָט מיט ליעבע אַייך צום האַרץ געדריקט?

און אפשר גאָר בעדויערט איהר די ענדע
פון אונזער גליק, פון אונזער קורצען גליק,
וואָס איז אַצינד ניט מעהר ווי אַ לעגענדע,
אַ טרוים, וואָס שטראַהלט פון אַייער ראָזען בליק...

פער׳חלומ׳טע און ראָזע היאַצינטען!
עס שטאַרבט מיט אַייך דער לעצטער גרוס פון איהר...
אַ שוואַרצער שאָטען היט אַייך שוין פון הינטען,
אַ שוואַרצער שאָטען טרעט נישט אָפּ פון מיר...

*

# נאַרציסען.

מיינע ווייסע, טהייערע נאַרציסען,
הערט איהר, ווי אין האַרצען זיפצט מיין ריים?
קיינער האָט געוואוסט און וועט נישט וויסען
אונזער פיין, וואָס מאַטערט אונז געהיים...

אייער בעכער פאָכט מיט ווייסער שכינה,
אָבער דאָרטען, דאָרטען אין דער מיט
בלוטיגט לאַנגזאַם אייער האַרץ דאָס דינע,
פון די קלאָרע בלעטעלעך געהיט...

ס'קלינגען יונג די אויפגעוואַכטע נעסטער,
ערגיץ שטיפט אַ ווינטעלע אַ צאַרט'ס,
פריש און טהויאיג בליהען איי'רע שוועסטער –
אָבער קיינער זעהט נישט אייער האַרץ!

כ'קוק אויף אייך און טרערען נעהמען שטיקען...
כ'האָב שוין ווען געוויינט אַזוי צי ניין?
כ'וועל אייך פליקען און מיין ליבסטער שיקען:
אפשר וועט זי דאַמעלס מיך פערשטעהן...

# אַ בעזוך.

עס בלאַנקט אַ לופטיג-בלאַסער פּערטעל
פון דער לבנה, ערשט געבוירען.
אַ יוני-נאַכט. איך זיץ אין גערטעל.
אַ ווינטעל טהוט מיך אָפּט אַ צערטעל,
און ווערט אין גרינער ווייט פערלוירען.

עס ברענען שוין אין בלעטער-פאַלטען
די ווערים. ס'האָט די נאַכט געמוזט עס
איהר ציערונג-אוצר איהר צושטראַהלטען
מיט ליעבע-ציטערניש בעהאַלטען
אין גרינעם דונקעל פון די קוסטעס.

ווער שלייכט זיך דורך אין דער אלעע
פאַרביי מיין אָרעמער אַלטאַנקע?
אַ יונגפרוי, בויגיג ווי אַ פּעע,
אַ צווייטע... דריטע... ס'אַיילט אַ רייהע
געשפּענסטער ווייבליכע און שלאַנקע.

אָ, מיינע אַלט-געליעבטע פרויען!
כ'דערקאָן אייך אַלע נאָך די גליעדער!
אין נאַכט אין איינזאַמער, אין שעה'ען
פון שטערען הייליגע און טהויען,
זענט איהר צו מיר געקומען וויעדער...

איך פלעג מיט אַייך מיין ליעבע טהיילען,
ווי כ'טהייל מיט יעדען די געזאַנגען;
כ'פלעג יעדען קוש און אָטהעם צעהלען,
דאָך נישט געקאָנט האָט איהר פערהיילען
דעם דינעם פיין פון מיין פערלאַנגען!

דו, מיט דיין קערפער־דופט דעם זאַכטען,
מיט לאָקען לייניגע און בלאָנדע!
מיט בליקען שטיל, ווי די פאַרנאַכטען,
און מיט אַ שמייכעל אַ פערטראַכטען,
וואָס איז געראויבט פון דושיאָקאָנדע!...

און דו, פון זון אַנ'אָבגעברענטע,
דו, וויימער אָבשיין פון שולמית!
מיט מזרח־סודות אומבעקענטע,
מיט הענט, צו ליעבע־פרייד געווענדטע,
דיין יעדעם אויג אַ שוואַרצער פלאַם איז!...

און דו — מיט ליפען, רויט ווי וואונדען!
כ'געדענק נאָך גוט די שעה'ען יענע,
ווען ד'האָסט אין אָרעמ'ס מיך געבונדען,
און זים געפייניגט און געצונדען,
אַ דורשטיגע, ווי אַ היַענע...

און דו — דו אויך? מיין טויב מיין שטילע!
נאַאיווע און איינפאַך־ליעב ווי גאַממען!
מיין ערשטע זינד, מיין ערשטע תּפילה
צווישען שפּעטערדיגע פיעלע, —
ציהסט אויך פאַרביי מיט זיי צוזאַמען?...

עס שטעהט נאָך אַלץ אין דיינע בליקען
פערגליווערט ליעב אַ קינדער־שאלה
מיט אַ פערוואונדערטען ענטציקען,
וואָס האַלט זיך נאָך דערוויייל אין שטיקען...
ניט אַייל! ניט אַייל! בלייב האָטש אַ ווייילע...

פערבלייב! פערבלייב! ניט לאָז מיך איבער!
גיב דיינע דינע ליליען־פינגער...
חאַטש צייטוויייליג דיין דופט, דיין ליעבער
זאָל אויף־דאָס־ניי צו מיר אַריבער,
פון דער בערירונג פון דער גרינגער!..

פערשווינדט. נישטאָ. עס וואַכען שטערען,
עס שטייגט אַ ווייסער טהויען־רויכעל.
פון ווייטסטער ווייטקייט, קוים צו הערען,
דערשווימט אַ שטים, געשטיקט פון טרערען:
„אָ, זיי מיר מוחל! זיי מיר מוחל!“...

*

# דער צווילינג-סוד.

איך האָב געפונען אַ שטיקעל ברוינעם פליוש —
עס האָט די פאַרב פון מיין געליעבטער'ס אויגען,
איך קוש עס אָפטמאָהל, און הייליג איז מיין קוש,
ווי הייליג ס'זענען מיין געליעבטער'ס אויגען.

ס'האָט זיך געוואַלגערט, שוין לאַנג פון שטויב בעפלעקט,
אין בייכיגע קאָמאָדען פון מיין באָבען;
כ'האָב מיין קמיע, ניט-האָפענדיג, ענטדעקט
אין בייכיגע קאָמאָדען פון מיין באָבען.

דאָס איז פערבליבען אַנ'אַלטער קליידער-רעשט
נאָך פון מיין באָבעס ווייטע מיידעל-יאָהרען;
איך זעה, מיר דוכט זיך, ווי ס'לויכט אויף איהם און ס'לעשט
דער אָבשיין פון די ווייטע מיידעל-יאָהרען.

כ'טראָג אויף מיין האַרצען דעם צווילינג-סוד אין פליוש,
דעם צווילינג-סוד פון שטאַרבען און פון ליעבע;
איך קוש עס אָפטמאָהל, און הייליג איז מיין קוש,
ווי הייליג ס'איז דאָס שטאַרבען און די ליעבע.

*

# אַלעקסאַנדריט.

פון אַלע לויכטענדיגע שטיינער,
אין וועמע'ס האַרץ די שענקייט גליהט –
איז נאָהנט און טהייער, מיר נור איינער,
דאָס איז דער שטיין אַלעקסאַנדריט.

אַ ווילדער גאָט האָט איהם בעפלאָסען
אַמאָהל־אַמאָהל מיט זיין גענאָד,
און אין זיין טיפעניש פערשלאָסען
אַ צווייפאַך־אומרוהיגען סוד.

אָ, טוישט זיך, פאַרבען, אָהן אַנ'אויפהער!
פערשווינדט אַוועק און קומט צוריק,
געטריי, ווי קעניגליכע לויפער,
און העל, ווי אַ פערליעבטער בליק!

בייטאָג – שמאַראַגדען־שיין אַ גרינע,
אַ שיין פון זומער־גראָז, וואָס גרינט;
ביינאַכט ערוואַכט אַ רויטע שכינה,
און זינדיג בלוט דעם שטיין בערינט...

אַלעקסאַנדריט! מיין זעל מיין מידע
האָט שוין געלעבט אין דיר פון לאַנג,
אין ווייטע טעמפּלען פון איזידע,
צי אין אַ פּאַגאָדע בײַ'ם גאַנג...

זי האָט געלעבט אין דיר מיט פיבער,
אין דיר געצאַפּעלט, - ביז צולעצט
איז זי אין גוף צו מיר אַריבער,
און דאָרט זיך מלכות'דיג בעזעצט...

און נאָך אַלאַנגען, לאַנגען שיידען
האָט זי איהר צווילינג איצט דערקענט;
ס'האָט אומערוואַרטעט זיך ביי ביידען
די פרייד פון ווידערזעהן צובּרענט.

אָ, ברוּדער איינציגער און שטומער,
פערצויבערטער אַלעקסאַנדריט!
איך בענטש דיך, ווייל איך וויים קיין רוה מעהר,
זינט ס'האָט דערקענט דיך מיין געמיט!...

*

# מענעסטרעלען.

כ׳בין פערליעבט אין מענעסטרעלען, וועמעס סטרונעדיגע טרעלען
פלעגען שיטען זיך, ווי קרעלען ארום ליעבסטער׳ס האלדז פארנאכט...
וועמעס לידער – זענען שטראהלען, נור צוגלייך אויך ווי קינושאלען,
וועלכע קאנען אייך בעפאלען אין אכזריות׳דיגער פראכט!

אפט דערמאהן איך, ווי זיי פלעגען איבער שטיין און זאמד פון וועגען
געהן צנ׳אלטען שלאס אנטקעגען מיט דעם זוניגען פערמעג;
ס׳פאלט דער פלאשטש אין ברייטע שטיקער, אויף די שיך – א שטויב א דיקער,
און אין אויגען איז נאך ניכר מיעדקייט גליקליכע פון וועג...

שניצערייען און געמעהלען אויף די ווענט און אויף די שוועלען,
אין א פענסטער אין א העלען הויבט-זיך-אויף די זשאליוזי;
א געזיכט ערשיינט א רונדער, און דאס בלוט, בערויעט פון וואונדער,
ווי פון אלטען וויין בורגונדער, טהוט אזונג: „ס׳איז זי! ס׳איז זי!“...

און אין סאד, צו דער וועראנדע, וואו מיט טהוי שמעקט און לאוואנדע,
געהט-אראפעט מעליזאנדע, די פערליעבטע קעניגין;
ס׳קלינגען דרייסטער די מאטיוען, און די זון בעהאלט בכיון
איהר געזיכט אין די אליוען, וואס דעם שלאס בעוואכען גרין...



# אַך, זאָג...

אַך, זאָג: פאַרוואָס אין יענע שעה׳ען
ווען ס׳טוהט די ליידענשאַפט אַ רוף,
ווען כ׳דריק צו זיך דיין שלאַנקען גוף
און קוש דיך זאָרגלאָז, פריי פון פרויען —
ווען מיין פערליעבטער בליק מיין בלויער
זיין שטראַהל זיין זוניגסטען בעווייזט —
פאַרוואָס שטעהט פּלוצלונג אויף דער גייסט
פון יונגען, אומבעשטימטען טרויער?...

ווערט נור דיין נאָכגיעביגער צאַפּעל
אין מיינע פייערען פערברענט —
ווי ס׳געהט שוין עמיץ, אומבעקענט,
און שטייגט דורך אַ געהיימען שטאַפּעל
פון נאָך-נישט אָבגעקיהלטע הארצען;
רייסט-אָפּ׳עט לייב פון לייב מיט גרויל,
און צווישען הייסע מויל און מויל
לויפט-דורך אַ באַנד פון קרעפּ פון שוואַרצען...

ס׳קאָן זיין, דאָס שטייגען-אויף פערדרוסען
אויף דעם, וואָס קורץ איז אונזער גליק,
וואָס ס׳קומט קיין רגע נישט צוריק
מיט טרייע, שמייכלענדיגע גרוסען;
און אפשר גאָר מיין נאָהנטער קבר
דערמאָהנט מיר דאַמעלס וועגען זיך,
דערמאָהנט, אַז אַלץ וועט שווינדען גיך,
און קאַלט וועט זיין מיין יעדער אבר...

*

# ליעבע און טויט.

**I.**

זאָלסט מיט אַ בלומען-קרענצעל קומען,
ווען ס'ווערט די טיהר פון טאָג פערמאַכט;
דו ווייסט דאָך ווי כ'האָב ליעב די בלומען,
דו ווייסט דאָך ווי כ'האָב ליעב די נאַכט...

איך וועל פון קבר לאַנגזאַם שטייגען,
און דו וועסט מיך דערזעהן צוריק–
עס וועט מיין מויל פער'חתמ'עט שווייגען,
נור אַלץ וועט זאָגען דיר מיין בליק.

איך וועל די בלומען דיינע נעהמען,
און מיט די ליפּען קאַלט און בלוי,
וועל איך אַ קוש טהון דיינע ברעמען,
וואו שטיל וועט גוסס'ען דער טהוי.

און צווישען אונז וועט דאַן ערשיינען
אַ בלאַסע, הייליגע געשטאַלט;
אין אויג – לבנה-טרוימען שיינען,
און נעבען מויל – אַ שמאַרצען-פאַלט.

ס'איז אונזער ליעבע... ביז בעגינען
דאָרט וועלען שטעהן מיר זאַלבעדריט,
ביז שאָטען'ס נאַכטיגע צורינען,
און ערשטער מאָרגען-רויש צובליהט...



## 11.

ניט װײן... כ'װעל הײליגער און רײנער
דיך ליעבען נאָכ'ן טויט, מײן קינד!
ס'װעט נישט בעפלעקען דאַמעלס קײנער
װי איצט מײן תּפילה־ליעד מיט זינד...

ניט װײן... חאָטש זײן װעל איך דערװײטערט,
דאָך זינגט פאַר דיר, פאַר דיר מײן זעל!
די ליעבע װערט אין טויט געלײטערט,
און שטראַהלט נאָך מעהר בײם קבר־שװעל...

ניט װײן... צי קאָן די ליעבע שטאַרבען?
צי קאָן אַנ'אײביגקײט פערגעהן?
עס איז אַנ'אײביג שפּיעל פון פאַרבען...
ניט װײן, מײן טהײערע, ניט װײן...



# אַ חָלוֹם.

איך האָב געזעהן אין שלאָף אַ לאַנגזאַמע לויה,
וואָס האָט זיך שטיל בעוועגט אין שאָטען פון פאַרנאַכט;
און דיך האָב איך געזעהן, מיין איינציגע, מיין טרייע —
דו ביסט געגאַנגען שטום אין טרויעריגער פראַכט...

דיין בליק האָט זיך געטוקט אין שוואַרצען טול פון מיטה,
און קיינער האָט געזעהן אין לאַנגער קייט פון קעפּ,
ווי ס'פאַלט דיין טרער אַראָפּ, אַ צווייטע און אַ דריטע,
און זאַפּט זיך איין אין נעק פון דיין געדיכטען קרעפּ...

ס'האָט וואו-ניט-וואו געצאַנקט אַנ'איינזאַמער לאַמטערן,
און האָט אַ בלאַסען שיין אין אָוועגד-לופט געזיפּט,
און טרויעריג געקוקט פון הימעל האָבען שטערען,
ווי אויגען, וועלכע זענען אין דעם טויט פערליעבט...

געעפענט האָט זיך וואו אַ פענסטער אין אַ מויער,
אַ קאָפּ האָט זיך בעוויזען אַיילענדיג און גיך.
„ווער האָט די וועלט פערלאָזט?" האָט ער געפרעגט אין טרויער,
און עמיץ, פול מיט לייד, האָט אָנגערופען מיך...



# גליה־ווערים.

קומט אָן נור דער אָוונד, בעהויכט מיט אַ תּפילה,
און קיהלינקע ווינטעלעך וועהען און בלאָזען –
צופלאַמען זיך גליה־ווערים בלויע און שטילע
אין חלום פון שאָטענ׳ס, אויף טונקעלע גראָזען...

אין הימעל ביי׳ם כסא־הכבוד בעקלאָגען
מלאכים די זעלע פון טאָג פון בעשטראַהלטען;
זיי קאָנען איהר איינזאַמען שמאַרץ ניט פערטראָגען,
און שווער איז זיי דאַמעלס די טרערען פערהאַלטען...

עס טריפען פון הימעל די טרערען און טריפען,
אַ זיפץ אַ פער׳חלומ׳טער טוהט זיי בעגלייטען,
זיי פאַלען אַראָפּ אין אַ טרויער אַ טיעפען
און ווערען פערגליווערט אויף גראָזיגע בייטען...

און זעהסטו אין אָוונד: ווי קליינינקע שטערען,
די בלאַהליכע גליה־ווערים פינקלען און שיינען –
זיי וויסען, דאָס זענען מלאכימ׳שע טרערען,
די טרערען פון טרויער, פון הייליגע פיינען...



# אַ שטיין.

עס שטעהט אין דעם פעלד אַ פערוואַקסענער שטיין —
אַ שטומע מצבה אויף עמיצענ'ס טויט;
און יתומ'דיג שטעהט ער, פערלאָזען, אליין,
ווי ס'וואָלט איהם דער טויטער זיין עלענד פערטרויט...

ווער איז ער, דער טויטער? אַ בלומיגעם קינד?
אַ בעטלער אַנ'אַלטינקער, מאָגער און געל?
צי איז ער געשטאָרבען אין נעפּעל פון זינד,
צי אפשר אין שיין פון אַ געטליכער זעל?...

צי קומט אַמאָל עמיץ אַהינצו צוגעהן,
און פלעכט אַרום שטיין זיך אַזוי ווי אַ שלאַנג?
צי שטייגט דאַן אין פעלדער אַ שטילער געוויין,
וואָס צאַפּעלט און רעדט פון אַ פיינליך פערלאַנג?...

אַנ'אויפשריפט בעקריונט דעם פערוואַקסענעם שטיין,
נור ס'האָבען זי רעגענ'ס פערמעקט און צעשווינקט,
און יתומ'דיג שטעהט ער, פערלאָזען, אַליין,
ווי ס'וואָלט איהם דער טויטער זיין עלענד געשענקט...



# אַ שאַרבען.

איך שטוים זיך אָן אין לאָנקע אויף אַ שאַרבען.
ווער ווייסט, פון וואָסער צייט ער איז און ווער איז ער ווען?
נור ס'איז אַלץ איינ'ס! ער איז דער טיעפסטער אמת!
דאָס ציעל פון אַלע האָפנונגען און פאַרבען...

איך זעה: עס לאַכט צו מיר דער טויט דער פרעכער
פון אָבגרונד-מויל פון אָפּענעם און שוואַרצען,
און נעהמט אַדורך די טיעפקייט פון מיין האַרצען
מיט פוסטע און געהיימע אויגען-לעכער...

אָ, מענשען-מאַרך! דו, וועלכער האָסט פערזיעגעלט
אַ וועלט אין זיך, אַ וועלט אין זיך פערשלאָסען!
אָ, אויגען! איהר, וואָס האָט פון זון געגאָסען,
און זון און מענש ביי זיך אין תהום געשפּיעגעלט!

וואו זענט איהר איצט? איהר פוילט, אין שטויב צומאָהלען,
און האָט זיך לאַנג אין ערדענזאַפט פערביטען!
כ'וועל אַייער אָבשיין זעהן נור אין די בליטהען,
וואָס וועלען אויפגעהן אויף די פריהלינג'ס-שטראָהלען.

איך שאַר אַוועק פון זיך דעם געלען שאַרבען,
דעם שרעקליכען גערוס פון אַלטע צייטען;
ער קייקעלט זיך און לאַכט צו מיר פון ווייטען,
און טרוקען קלאַפּען-אוים די ביינער: „שטאַרבען"...

# קיילען.

איך קוק אויף דעם שטויב אויף דעם קאַלטען און שוואַרצען...
איהר, טויטע, אויף אייביג פערלאָשענע קיילען!
אָ, וויפיעל פערטרויט וואָלט איהר מעשיות מײַן האַרצען,
ווען איהר וואָלט געקאָנט נור דערצעהלען...

נישט לאַנג נאָך געלעבט האָבען בוימעלעך גרינע,
מיט שטאָלצקייט די קעפּ צו דעם הימעל געהויבען,
געאָטהעמט אין זיי האָט אַ שטראַהליגע שכינה;
זיי האָבען געמיינט, אַז מען קאָן זי נישט רויבען...

בייטאָג פלעגט די זון זיי מיט גאָלד־שיין בעשפּריצען,
די נאַכט פלעגט זיי אָנטהון לבנה׳ּיגע קרוינען,
און ס׳האָבען געוויעגט זיך אויף זייערע שפּיצען
די זאָרגלאָזע פויגעל, וואָס פלעגען דאָרט וואוינען...

צום גראָז האָט זיך צאַרט נעבען זייערע שטאַמען
געטוליעט פון שאָטען׳ס אַ נעץ אַ געדיכטער;
ס׳קאָן זיין, אַז פאַרנאַכט, ווען דער טאָג שטאַרבט אין פלאַמען,
פלעגט קומען דאָרט רוהען אַ בענקענדער דיכטער...

און אפשר ביי זיי פלעגט אַ פּאָרעל אַ שטילעס
אַ ווינקעל פאַר ליעבע־חלומות געפינען,
און זיי פלעגען הערען די האַרציגסטע תּפילות,
און זעהען, ווי טרערען פון גליק פלעגען רינען...

איך קוק אויף דעם שטויב אויף דעם קאַלטען און שוואַרצען־
איך קוק אויף די טויטע, פערלאָשענע קיילען...
ס׳האָט עפּעס אַרים געטהון טיעף אין מיין האַרצען...
זיי שווייגען... זיי וועלען מיר גאָרנישט דערצעהלען...



# טערציִנען.

אין סאָד אין הערבסטיגען פון דײנע אױגען
שלאָגט-אָפּ אַ שײן פון טו׳מפּלען אומבּעקענטע,
און ציטערט דורך דעם דינעם בּרעמענבױגען;

די אױגען דײנע, אין דער װײט געװענדטע,
אַ הײליגקײט אַ מײדעלשע בּעהאַלטען,
אַ הײליגקײט פון טרױמען יונג-פערבּרענטע.

עס לױכטען זיך פון דאָרטען די געשטאַלטען
פון האָפנונגס׳לאָז-געשטאָרבּענע בּעגעהרען,
װי פּעדימער פון שײן דורך שמאָלע שפּאַלטען;

זײ קאָנען זיך אױף דר׳ערד צוריק ניט קעהרען,
ניט קלאַפּען, װי אַמאָהל, אין בּלאַנקע טהירען;
און פלוכען און בּעגיסען זיך מיט טרערען.

נור פריהלינגס׳צײט, װען פלוצלונג זײ דערשפּירען
דעם גליקליך-זאַנפטען אָטהעם פון די גראָזען,
װאָס אײלען די בּענײטע ערד בּעצירען —

ערװאַכען זײ, און װילען, דוכט, פערלאָזען
די אײביגע, די הײליגע נעפּענגשאַפט,
און לעכצען נאָך די װינטען, װעלכע בּלאָזען,

און בּעטען זײ בּעפרײען פון דער ענגשאַפט,
זײ װילען דאַן דער גרינער ערד געהערען, —
נור אײנזאם בּלײבּט די שטים פון זײער בּענקשאַפט.

דאַן װײנען זײ מיט אָהנמעכטיגע טרערען,
װאָס ניעדערען װי פּערעל, העל-צובּרענטע.
דאָס זענען װערטער פון געהײמע שטערען,

אַ שטיל געבּעט פון טעמפּלען אומבּעקענטע.



# ליליען.

ליליען, ווייסע ליליען שטאַרבען אויפ'ן טייך.
ס'טוהט אויף זיי דער ווינט צום לעצטען מאָהל אַ שלייך,
ס'טוהט פאַר זיי דער שטראַהל צום לעצטען מאָהל אַ לויכט,
און צום לעצטען מאָהל דער אווענד-טהוי בעהויכט.

שטילע כוואַלעס איילען גריסען זייער וועה,
שמעטערלינגען קומען ווינען איבער זיי,
און די בלומען-זעלען קלויבען זיך אַרום,
און זיי קניען אַלע ציטעריג און פרום.

פאַרבען אויפ'ן מערב האַלטען איין דאָס שפיעל,
ערגעץ טוהט אַ זיפץ אַ שאָטען אין דער שטיל,
און דאָס גראָז דאָס בלייכע זיפצט מיט איהם צוגלייך.
ליליען, ווייסע ליליען שטאַרבען אויפ'ן טייך.



# סאָנעט.

עס זענען שוין די ווייטע הימעל-קאַנטען
געווען מיט אָראַנזשען-בלוט בעטריפט;
מיין אָווענד-האַרץ האָט שטיל זיך דאָרט געשיפט,
צעווייענט פון שמאַרץ פון זיסען און בעקאַנטען...

און ס'האָבען, אין אַ קעניג-שטאָלץ פערטיפט,
געיאָגט זיך אומגעלומפערטע גיגאַנטען,
געטריבען שנעל אַ פערד אַ רויט-געשפּאַנטען
מיט פיילען, אָנגעזעטיגטע מיט גיפט...

אַדורכגעטראָגען האָבען זיך די ריזען
מיט פיילען און מיט בלאַנקענדיגע שפּיזען,
וואו אויפ'ן שפּיץ געברענט האָט ווילדע דורשט;

אַליין, אויף דר'ערד, אין שטויב פון אַלטע וועגען,
איז טויט מיין האַרץ—מיין שטילעם האַרץ—געלעגען,
פון פיילען און פון פערדענפּיס צעמורשט...

## איהר טויט.

געלעגען שטיל איז זי אין בעט,
און ס׳האָט אין יעדען פנים־פּאַלט
אַ ניט־דערוועבטער טרוים געשטראַהלט,
אַ ניט־דערזונגענער געבעט...

די בלאָהע נאַכט האָט ווייך בעשטרוימט
מיט בלאַסען שימער איהר געזיכט,
און האָט מיט שיין־געוועב גערינגט
די האָר אין זילבער־קרענץ בעזוימט...

און ווייסע בלומען האָבען שטום
גערוהט צופוסען׳ס, צאַרט און העל,
דער ריינער ציטער פון איהר זעל
האָט ווי געוועהט פון יעדער בלום...

ביים פענסטער אין אַ ווייסען קלייד
האָט ווער געקוקט, דעם קאָפּ גענייגט,
די הענד אין פיין צונויפגעלעגט,
און האָט געטרויערט שטילערהייד...

ס׳קאָן זיין, די פריהלינגס־נאַכט אַליין
איז עס געשטאַנען, קיהל בעטהויט,
און האָט בעוואַכט דעם יונגען טויט,
אין איינגעהאַלטענעם געוויין...

*

# טרויער.

ס'איז היינט ביי מיר אַ טרוים געשטאָרבען,
ווי ס'שטאַרבען בלומען אויף אַ בייט;
כ'האָב נעכטען אָבענד איהם ערוואָרבען,
און היינט–זיין לעצטען הויך בעגלייט!

איך קאָן דיך היינט ניט זעהן אין העלען,
ס'פערשוועכט מיין וועה דיין ראָז געוואַנד...
צו זעהסטו ניט, ווי טרערען קוועהלען,
און פאַלען זודיג אויף מיין האַנד?...

טוה אָהן אַ קלייד אַ טונקעל-שווערען,
ווי טונקעל-שווער ס'איז מיין פערלוסט,
און זוים-אַרום מיט שוואַרצע שטערען,
מיט שוואַרצע פאַטשערקעס דיין ברוסט...

זאָלסט פאָרזיכטיגער היינט זיך דריקען
צום האַרצען, ליעבסטע... ניט פערגעס:
פערשטעלט פאַר חוצפה'דיגע בליקען,
דאָרט רוהט דער מלכות'דיגער מת...



## דער טויט פון בלומען.

אין שמאָלינקע, אין גלעזערנע באָקאַלען,
ווי ווייסע כּרובים, שטאַרבען חריזאַנטעמען.
און הער איך ווי די צאַרטע בלעטער פאַלען,
דאַן דוכט, ווי כ׳וואָלט דעם שאָרך פון טויט פערנעהמען.

אַ יונגער טרויער פיהלט זיך אין דער לופטען,
אין שאָטען׳ס לעשט זיך ערגעץ אַ נחמה;
און ס׳ציטערט נאָך אַ קנויל פון לעצטע דופטען,
אַזוי ווי אַ פערוואָגעלטע נשמה.

אַ שטראַהל אַ הייסער קלאַפּט זיך אין די שויבען:
אַ ליכט פּאַר בלומען שטאַרבענדע צוקאָפּען׳ס;
און ס׳דוכט: זיי בעטען איהם, ער זאָל ערלויבען
וואָס לענגער טרינקען זיינע גאָלדענטראָפּען׳ס...

דער טאָג דער בלויער קאַרגט ניט זיינע שטראַהלען,
דאָך שווער איז איהם דעם בלומען-וועה פערנעמען.
ביי שמאָלינקע, ביי גלעזערנע באָקאַלען
בעוואַכט דער טויט די ווייסע חריזאַנטעמען.

✻

# אין אַלטען הויז.

איך גײה אַרום אין אַלטען הויז.
די נאַכט שטעהט הינטער די גאַרדינען.
איך גײה אַרום און איך ענטבלויז
דעם ווייטען עָבַר אין מיין זינען.

אַנ'אָבשיין פון פערבליהטען דור
אין יעדען ווינקעל זעה איך שוועבען,
און ווי אַ חלום אויפ'ן וואָהר
זעהט אוים אין הויז דאָס גאַנצע לעבען.

ס'פערגליווערט אַלץ אַ שטרענגע רוה,
און נור דער קיילעכדיגער זייגער,
געהילט אין שפינוועבס וואו-ניט-וואו,
דערצעהלט וואָס אויף זיין אַלטען שטייגער.

אַנ'אָבגעוועלקטער שפּיגעל גרויט,
עס דוכט – ער האַלט וואו טיף פּערזיגעלט
געשטאַלטען, וועלכע זענען טויט,
וואָס האָבען זיך אַמאָל געשפּיגעלט.

עס קוקען דורך דאָס גלאָז פון שראַנק
אין-זיך-פּערטיפּעטע, דיקע ספרים;
דאָ רוהט אין שטויב אַ ווייט געדאַנק,
דאָ רוהען שטילע טרוימען-קברים.

און אויגען, אויגען רינגלען אום,
עס דוכט – זיי מאָנען וואָס און בעטען;
דאָס נויגען איבער מיר זיך שטום,
געהיימע, דונקלע פּאָרטרעטען.

אָט קוקט אויף מיר אַ גרויס געשטאַלט:
כ'געה-צו און איך דערקען מיין ויידען;
מיר קוקען אָן זיך ביידע קאַלט,
און ס'דוכט-איין סוד פּעראייניגט ביידען...

און ס'ניט אין קאָפּ אַ פינקעל ווילד:
ס'וועט אויסשלאָגען די שעה פון שיידען,
און שטום וועט הייגען דאָ מיין בילד,
ווי ס'הייגגט אַ צינד דאָס בילד פון זיידען...

*

# לבנה׳דיגע שטיינער.

טערצינען.

איך ליעב פון לאַנג שוין די לבנה־שטיינער,
די שטיינער, וועלכע לויכטען נור ביינאַכט.
אַ שימער אַ קריסטאַלענער און ריינער

אין זייער קאַלטער טיעפעניש ערוואַכט,
און ס׳ביימען זיך פערשיעדענע קאָלירען,
וואָס ברייננגען גרוסען פון אַ וייטער פראַכט.

און כ׳פיהל מיך דאַן אַזוי, ווי ס׳וואָלט בערירען
די אויגען מיר אַ בלאַסע צויבער־האַנד,
און וואָלט מיך אין לבנה־לענדער פיהרען.

איך שטעה פערטרוימט און קוק ווי יעדער ראַנד
פון האַרטען שטיין געבוירט אַ פלאַם אַ קאַלטען
וואָס שיינט און טוישט די פאַרבען נאָכאַנאַנד.

ער וויכט פון טאָג, פון שרייענדיג־צושטראַהלטען,
און נור דער נאַכט פערטרויט ער אין דער שטיל
זיין שענקייט׳ס־קוואַל, וואָס ליעגט אין איהם בעהאַלטען.

אַזוי איז אויך מיין זעל, וואָס גאַרט און וויל
אויף דונקעלע, געהיימע שטעגען טרעטען:
דאַן שטראַהלט זי אויף אין שענסטען פאַרבען־שפיעל

און זינגט ענטציקט די הייליגסטע געבעטען.



# קרעפ.

פערטרויערטע פרויען־געזיכטער און צאַרטע,
מיט קרעפ, ווי מיט טונקעלע שאָטענ׳ס, פערהילטע!
איהר לויכט מיט אַ וועהטאָג פון טרוימען גענאַרטע,
וואָס שפיגעלט זיך אָפ׳עט אין טרערען פערקיהלטע.

עס מאָלען זיך דין אויף דעם פנים דעם בלייכען
פון אונטער די אויגען צוויי בלאָהליכע זוימען:
אַ פּיינליכער צייכען, אַ רירענדער צייכען
פון איינזאַמע שעהע׳ן, פון הערבסטיגע טרוימען...

עס קוקען די אויגען אין הילפלאָזען אומעט,
ווי וואַלד־שטראָמען טריבע, מיט גרינקייט פערצוויגען,
און ס׳רינגלען זיי דינינקע ברעמען אַרומעט,
ווי ווערבעס, וואָס שטעהען ביים וואַסער געבויגען...

איך ליעב אייך! איהר טראָגט אין דער טיעפקייט בעהאַלטען
אַ שיינקייט פון שטילע און הייליגע ליידען...
איך ליעב אייך, פערטרויערטע פרויען־געשטאַלטען,
ווי ס׳ליעבט אייער קערפער אין שוואַרצען זיך קליידען!...



* * *

אין דעם מדבר פון מיין טרויער,
וואו עס וואַקסען שמאַרץ־געוויקסען,
וואו מיין שאָטען איז מיין פּאַוש—

עפּענט־אויף די פּראַכט איהר טויער
פון בערילען און אָניקסען,
און ס׳צושטראַהלט זיך אַ מיראַוש...

אָ ווייטע, אָ פאַרביגע פאַטאַ־מאָרגאַנאַ׳ס,
כ׳זעה לייביגע גריוועס און דינע ליאַנעס!...

ס׳איז דאָס שענסטע פון די לענדער,
וואו עס שטעהט דאָס הייליג וויגעל
פון דער מענטשהייט און מיין שטאַם;

רייך מיט טשאַלמעס און געוועגדער,
רייך מיט טהאָלען און מיט היגעל,
און מיט דופטיגען באַלזאַם...

אָ ווייטע, אָ פאַרביגע פאַטאַ־מאָרגאַנאַ׳ס,
כ׳זעה מילגרוימען רייפע און רייפע גיטאַנעס!...

ס׳איז דאָס פאָטערלאַנד פון טיגער
פון ציפּרעסען און שאַקאַלען,
פון מדבריות און פון שיין;

פון די מלכות׳דיגע קריעגער,
און פון פּרויען און פון שטראַהלען,
פון געזאַנגען און פון ווייַן...

אָ ווייטע, אָ פאַרביגע פאַטאַ־מאָרגאַנאַ׳ס,
אַ פרייד־ציטער פיהל איך, בשעת איך דערמאַהן עס!...

*

# מִזְרָח.

נאָהנט איז מיר דאָס לאַנד וואו פאַלמען גרינען,
וואו עס שטעהט די גאָלדנע וויעג פון זון;
ויינע בלוטען אין מיין קערפער רינען,
און איך בין זיין אויסדערוועהלטער זוהן.

ס'טראָגט מיך אָפט מיין טרוים אַוועק פון דאַנען,
מדבר-זאַמדען שפרייט ער אוים פאַר מיר,
און ער פיהרט פאָריבער קאַראַוואַנען,
פול מיט ווילדען, שטראַהלענדיגען ציער.

אָט לויפט-אָן אין שטויב-געדרעהטע ווילען
פון דער ווייט אַ גליהענדער זאַמום,
טרייסעלט-אויף דעם הייסען זאַמד אויף מיילען,
און ער טאַנצט מיט איהם אין מדבר אום.

האַסטיג פליהט ער, און ס'בעגלייט מיין אויג איהם,
ביז ער ווערט פערפאַלען ערגעץ-וואו...
און אָט וויגקען שוין צו מיר אתרוגים,
און א שאָטען לעגט מיר פאָר זיין רוה.

כ'זעה ביים בוים אַ טעפיך אַ געניהטען,
דורכגעשטרייפט מיט דינע פאַסען גאָלד,
מיט פערשיעדענפאַרבענדיגע קוויטען
איז דער טעפיך יענער אויסגעמאָהלט.

און אויף זיינע ווידעניס זעה איך ליעגען
ווייס־געקרוינט, אַנ׳אַלטען, גראָהען מאַן,
מיט אַ ריהרענד־ציטערדיגען ניגון
לייענט ער דעם הייליגען קאָראַן.

ס׳שווינדט דאָס בילד. איך זעה שוין מינאַרעטען,
עמיק שטעהט דאָרט אין דער הויך און רופט,
רופט צו די פאַרנאַכטיגע געבעטען
אין דער ראָזער, מיעדער אָווענד־לופט.

ווייסע טויבען קומען און פערשווינדען
ווי די תפילות פון אַ שטילען פיין,
און די לעצטע זונען־שטראַהלען צינדען
זייער ווייסקייט מיט אַ ראָזען שיין.

ס׳שלייכען דורך זיך מיידעלשע געשטאַלטען,
דאָס געזיכט פערוועבט מיט אַ געוואַנד;
ס׳דוכט, זיי טראָגען אונטער איהם בעהאַלטען
אַ געהיימען טרוים פון זייער לאַנד.

ס׳איז מיר טהייער זייער לאַנד דאָס העלע,
און זיין טרוים זיין שטאָלצער איז מיר נאָהנט;
און עס דוכט זיך אָפט מיר, אַז מיין זעלע
האָט אַמאָהל אין יענעם לאַנד געטראָהנט.

*

# אַ כַּלָה-ליעד.

זאָלען שאַלען
די צימבאַלען,
העל זאָל פאַלען קלאַנג נאָך קלאַנג,
זאָלען שפּינען
טאַמבורינען
זייער האַרציגען געזאַנג!

גריסט זשע אַלע
מיך, די כַּלָה,
ס'ווערט נִתְגַלֶה היינט מיין סוֹד!
ליעדער, בלומען
זאָלען קומען
האַנד-אין-האַנד צום קאַראַהאָד!

ווייטער, ברייטער,
און צושפּרייטער,
אַלץ דערפרעהטער פיהרט דעם קרייז!
איך — אין מיטען
מיט די בליהטען,
מיט די קראַנצען ראָז און ווייס...

ס'האָבען הירטען
פול מיט מירטען
מיין פערצירטען בעט בעזייהט;
קומען מעג ער
צום געלעגער —
ס'איז שוין אַלץ ביי מיר געגרייט...

צעדער-צװײגען
האָרכען, שװײגען,
בשמים שטײגען פון דעם קרוג —
אַלע װאַרטען
דעם געגאַרטען...
שאַ... ס׳מוז גײן דער קעמלען-צוג!..

כ׳הער אַ קלינגען...
צי דאָס זינגען
מײנע רינגען אויף דער האַנד?
שטיל! ניט עטהמען!
אַך, אָט זעהט מען
שטויב און פאַרביגען געװאַנד.

ס׳קומט מײן חתן
זון-בעפלאָסען...
װי ענטשלאָסען לויכט זײן בליק!
הע, איהר מײדען,
לאָזט אונז בײדען,
לאָזט אונז אויפנעהמען דאָס גליק

נעהמט, צימבאַלען,
העכער שאַלען,
העל זאָל שטראַהלען אײער שטים,
װען מיט בליקען,
פול ענטציקען,
װעל איך צופאַלען צו איהם...

*

## זאַלאָמעע׳ס טאַנץ.

פאַר דעם מלך דעם ענטציקטען,
פאַר די געסט און וועכטער־רייהע,
אויף אַ טעפּיך אַ געשטיקטען
טאַנצט פערשכור׳ט זאַלאָמעע.

טאַנצט אין ליידענשאַפט׳ס־געוויטער,
ווי אַ יונגע, שלאַנקע געטין,
און ווי סטרונעס פון אַ ציטהער
קלינגען רינגען און בראַסלעטען.

ס׳וועהען פלאַטערדיגע בענדער
ווי גירליאַנדעס העלע רויזען,
זיבען לופטיגע געווענדער
איילען אָפּ איהר לייב ענטבלויזען.

און אַ מאַטאָוועס אינגאַנצען,
מיט אַ גאָלדען־ברוינעם שאָטען,
ווינקט־אַדורך איהר לייב אין טאַנצען,
פון אַ בענדער־געק פערשאָטען.

לאַנגע לאָקען־שלאַנגען שפּיעלען,
און זיי ניעדערען און פאַלען
ביז די פיס; עס דוכט — זיי ווילען
שטיל אַ קוש טהון די סאַנדאַלען.

ס׳לאַכען העל די ווייסע צייהנער,
שוואַרצע אויגען־ברונעמ׳ס בלענדען,
און געפאַסט אין טהײַרע שטיינער,
כאַפּט־אַרום אַ פאַס די לענדען.

ס׳איז אַ ווילדע פּראַכט פערהאַנען
אין די בויגעוודיגע גליעדער,
אין דעם שטורעם פון טימפּאַנען,
אין דעם קלאַנג פון האַרפען־ליעדער.

און פון צווישען מאַרמאָר־בילדער,
פון די טרעפּ און גאַלערייהע
הילכט אַנ׳אויסגעשריי אַ ווילדער:
„זאַלאָמעע! זאַלאָמעע״!״...



# אַ טרוים.

מיר טרוימט: איך בין אַ יונגער זיעגער
אין אומבעקאַנטע מורח-לענדער.
איך רוה מיר אָפּ אויף פעל פון טיגער,
געקליידט אין פאַרביגע געווענדער.

עס רוהט מיט מיר מיין פייל און בויגען,
מיין ליעבסטער חבר און געטרייער,
די פרייד פון זיעג צובּרענט די אויגען
מיט אַ געהיימען ווילדען פייער.

אַ פּאַלמע שטעהט ווי אַ פּרינצעסין,
און וויל מיין רוה מיט שאָטענס שיצען,
אַ לויב-ליעד זינגען די ציפּרעסען
מיט דינע שטראַהלענדיגע שפּיצען.

צופוסען'ס שמייכלען די אַלאָע,
ווי גוטע קינדער אין אַ וויעגעל;
און לאַנגזאַם שטייגען רינגען בלאָהע
פון דין-געשניצטען בשמים-קריגעל.

איך טוה אַ וואונק צו מיינע וועכטער —
און פון די בערגער-הייל'ען קומען
די יונגסטע, שענסטע מורח-טעכטער,
בעקרוינט מיט ערשט-געפּליקטע בלומען.

זײ טאַנצען, לופטיג װי גאַזעלען,
און זינגען, װיעגענדיג די לענדען;
און ס'פלאַטערט אין די יונגע טרעלען
דאָס װײטע עכאָ פון לעגענדען.

עס שװעבט אַ לאַנגע קערפּער-סטײנגע,
אַ לאַנגער שנור פון שװאַרצע אױגען;
און בליקען פאַלען שאַרפע, שטרענגע,
װי פלינקע פײלען פון מײן בױגען.

עס קומען אָן די טונקעל-שטונדען,
אין מערב לעשען זיך די פלאַמען — —
און אַלע װערען באַלד פערשװאונדען,
נור אײנע בלײבט מיט מיר צוזאַמען.

די ברעמען ציטערען פון תענוג,
די ליפּען ברענען, און איך לײען
אין איהרע אױגען: „מעהרער פײניג!
„װי זענען זים די ליעבע-װעהען“...

די פּאַלמען רױשען שטיל און זינגען,
און בענטשען מיך, דעם יונגען זיעגער,
און ס'טאַנצען-אום לבנה-רינגען
אויף די געפלעקטע פעל פון טיגער.

*

# לעאילע׳ס ליעדער.

נאזעללע׳ס.

I.

ראָזע שאָטענס זענען אויסגעשפּרייט פון לאַנג,
און אַנטשטומט דער מועדזין האָט שוין פון לאַנג;
כ׳זיץ אַליין בּיים הייליג בּוך,
אָבער קאַלט איז דער קאָראַן פאַר מיר פון לאַנג;
מיט דעם טהייערסטען גערוך
שמעקט מיין קערפּער שמעקט מיין מיידעלשער פון לאַנג;
און מיין זיידען פאַרביג טוך
אויף די שולטער מיינע ציטערט שוין פון לאַנג;
כ׳זוך און ווייס נישט וואָס איך זוך—
ס׳רייצט אַנ׳אויפרעגונג אַ זיסע מיך פון לאַנג;

כ׳וואַרט, סעלים, אויף דיין בּעזוך!



ח.

בײ די מאַנדלען װעל איך װאַנדלען שטיל אָהן דיר,
אין די בשמים'דיגע נאַכט-שעה'ען אָהן דיר;
בײ אַ בױם אַ יונג-צובליהטען
װעל איך זינגען, װי ס'איז שװער צו זײן אָהן דיר;
ס'װעלען פאַלען דינע בליטהען
און פערװעלקען דאָרטען יתומ'דיג אָהן דיר;
ס'װעלען שטערען זיך צושיטען,
אָבער קאַלט װעט זײער שימער זײן אָהן דיר;
אַ לבנה װעט אין מיטען
בלײבען שטום אין שטאַרער אײנזאַמקײט אָהן דיר,

און מײן צער מײן שטילען היטען.

*

## די גיטאַנע.

פערלעשט די נאַכט אין אומגעדולד אין פרעכער
דעם אָוועגד׳ס בלויען, ציטריגען געבעט,
דאַן שלייך איך מיך אַדורך, ווי אַ פערברעכער,
צום רופענדיגען ווייטען קאַבארעט.

איך זעץ מיך ביי אַ טישעל אין אַ ווינקעל,
און כ׳וואַרט דאָרט, – פון עלעקטרי־שיין בעשטראַהלט –
ביז ס׳טוהט אויף דער עסטראַדע העל אַ פינקעל
דער טענצערינ׳ס עלאַסטישע געשטאַלט.

אַך, גאָט–איהר לייב! כ׳גליה־אויף, ווען איך דערזעה דאָס
אין בראָנזענעם, אין טונקעל־גאָלדנעם בלאַנק!
ווי אַ בעגולדטער שטייפער שווערד טאָלעדאָ׳ס –
איז עס געפעהרליך, בויגעוודיג און שלאַנק!...

די שפעטע נאַכט־שעה און מיין כוס שאַמפאַניער
צינדט רייכער אָן דעם רייץ פון ברוסט און פוס,
וואָס אָטהעמען מיט דרייסטען שטאָלץ פון שפאַניער,
מיט פיעבערדיגען וועהטאָג פון גענוס...

פון יעדען טראָט, דעם זוניגען און קלאָרען,
פון יעדען בויג, ערפיהלט מיט ליבע־קראַמפף, –
בליצט־אָפּ די ווילדע פּראַכט פון מאַטאַדאָרען,
בְּשעַת אין צירקוס הילכט דער אָקסען־קאַמפף...

איהר יעדער אָרעם־פאָך, אַ קעהר אַ יעדער
טראָגט־אָן אין לופט אַ פאַליענדיגען ווינד
פון באַרסעלאָנאַ'ס פּאָמעראַנצען־סעדער,
וואו אין דעם דונקעל רייפען פרוכט און זינד...

אָ, שווער איז פון איהר שענקייט זיך צו רעטען,
ווען, צווישען פינגער, צאַפּלען־אויף ביי איהר
די תאוה'דיגע, דראָבנע קאַסטאַניעטען,
צושיטענדיג אַ פייער־שטויב אין מיר...

אין ווינקעל זיפצט פון מיעדקייט שוין די פּיאַנע,
און ס'קלאָגט זיך שוואך דאָס פידעל און די פלייט –
ניט מיעד איז נור די בויגיגע גיטאַנע,
און דרעהט איהר טאַנץ, פון ליידענשאַפט בעגלייט...



# די טענצערין.

צווישען רויך, ביים קלאַנג פון גלעזער
טאַנצסטו, שפרייטענדיג די הענט;
ס'זינגט דיין גוף דיין גראַציעזער
וועגען זוניגען אָריענט.

האָסט פון לאַנג פערלאָזט מצרים,
דיין בעשטראַהלטען היימאַט'ס-ברעג,
נור דו פיהלסט אין טאַנץ אויפ'ס-ניי איהם,
און דו זעהסט פערשוועבטע טעג:

אָוועגד. ס'שטייגט דער ערשטער שטערן.
אין אַנ'ענגען, שמאָלען הויף
אַ פערוואָרפענע טאַווערן.
לאַנגזאַם קלויבט מען זיך צונויף.

עס צוויינט זיך וואו אַ גינגר,
די קראָטאַלען העלפען מיט;
ס'צאַפּלען אויפ'עט דיינע פינגער,
און – דער מזרח-טאַנץ צובליהט.

אין דער נאַכט פון דיין שוואַרצאַפּעל
פינקעלט-אויף אַ ווילדע פרייד,
און אַ ליידענשאַפטליך צאַפּעל
דיינע נאָז-לעכער צושפרייט.

מיט אַ ציטער מיט אַ גרינגען
ריטהמיש טאַנצענדיג מיט דיר,
נעהמען זינגען דײנע רינגען
און פון פאַטשערקעס די שניר.

צווישען בערדיגע עגיפּטער
ווינקט פון פאַרביגען געמיש
דײן געליעבטער, אַ פערליעבטער
אין דײן גוף און אין האַשיש.

פּיהלסט, ווי ס׳ברענען זײנע בליקען
אויף דײן לײב בײ יעדען קעהר,
און ס׳איז שווער דיר צו דערשטיקען
דײן בעהאַלטענעם בעגעהר.

שנעלער נעהמען זיך בעוועגען
דײנע אומרוהיגע בריסט,
ווי זײ וואָלטען איהם אַנטקעגען
מיט אַ ליעבע-וועה בעגריסט.

נור — — געענדיגט איז דאָס טאַנצען,
ס׳רײסט זיך אָפּ׳עט די מוזיק,
און ס׳צורינט דער טרױם אינגאַנצען,
טרעהרען שענקענדיג דײן בליק.

*

# העראָ און לעאַנדר.

און יעדען אָבענד ווען, אַ מיעדעס,
פלעגט אויסגעהן שטום דאָס הארץ פון וועלט–
פלעגט ער פערלאָזען דאַן אַבידאָס,
זיין שטילען, היימישען געצעלט.

עס פלעגט איהם וויעגען אויף איהר רוקען
די בלויע וועל פון העללעספאָנט,
און מיט אַנ׳אומרוהע פלעגט ער קוקען
אין וויטען, וויטען האָריזאָנט.

ער פלעגט דערשווימען צו די ברעגען,
צום טעמפעל-שלאָס, וואָס איינזאַם שטעהט,
און זי פלעגט לויפען איהם אַנטקעגען
מיט אָרעמ׳ס, אויסגעשטרעקטע ברייט.

ער פלעגט גראַנאַטען-פרוכט איהר ברענגען,
און איַיל, וואָס העלפט צום ליעבע-וועה,
און פלעגט איהר שלאַנקען האלדז בעהיינגען
מיט שטיינער העלע אלערליי.

פלעגט ברענגען איהר אַ שנור אַ רונדען
פון גאָלדען-ברוינליכען בורסטין,
פון האלצעדאָנען און קאָרונדען,
און פון שמאַראַגדען, גראָזען-גרין.

און בלוטיק־רױט, װי אַ קאַרבונקול,
פלעגט װינדיק ברענען הערבסט מױל;
און ס'פלעגן לײבער צװײ אין דונקעל
פערפלעכטען דאָרט אײן הײסען קנױל.

זײ פלעגען פלאַטערען, צוגליהטע,
מיט האַלב־פערשטיקטער מורמלערײ, –
און איבער זײ פלעגט אַפראָדיטע
בעשיצען דאָס געלעגער טרײ.

און פלעגט מיט נײגיער דער בעגינען
פערקוקען שטיל אין אַמבראַזור,
און מיט אַ בלױען רױך בעשפינען
אַרום די דרעמלענדע נאַטור –

פלעגט שױן לעאַנדר שװימען װיעדער
מיט בליקען בענקענדע בעגלײט,
בעגלײט מיט ציטערדיגע ליעדער,
װי מיט אַ דינער, װײטער פלײט.

פון לאָטאָס־װײן און ליעבע שכור
פלעגט זינגען העל דאָס האַרץ אין װעג,
און זוניג זײן פלעגט דער צוריקקעהר
צום ערשט־ערװאַכטען הײמאַט'ס־ברעג.

*

## דאָס ליעד פון שקלאַף.

איך בין דער מלכּה׳ס טרייער דיענער,
איך שיק איהר רוהיגקייט און היט,
און ווי איהר זײַדען־שלײַף דער דינער,
געה איך איהר נאָכ׳עט טריט בײַ טריט.

מיין היימאַטס־לאַנד איז ווייט פון דאַנען.
און קיינעם אַרט נישט אין די נעכט
וואָס ערגעץ צווישען די פּלאַנטאַנען
פערלירט אַ זיפץ דער שוואַרצער קנעכט.

כ׳בין קאַלט צום שלאָס פון ראָזער יאַשמע,
צום טראָהן פון גאָלדיגען בורסטין –
איך קוש מיט וועה די קלענסטע טאַשמע,
דעם קלענסטען באַנד פון קעניגין.

ווען מיט די איבעריגע טרעגער
איך טראָג זי לאַנגזאַם אויף איהר בעט,
דאַן פיהלט זי נישט אויף איהר געלעגער
ווי צאַרט איך קוק, ווי שטיל איך בעט.

זי רוקט פונאַנדער אָפּט די שפּאַלטען
פון פיאָלעטען פאַרהאַנג-זייד –
דאָך מוז איך שטום מיין וואָרט בעהאַלטען,
און נישט דערצעהלען ווי איך לייד.

אַ דינער ריח פון באַלזאַמען
פון בשמים זוניגע שלאָגט-אָפּ
מיט דופט פון פּראָזיען-לייב צוזאַמען
און נעבעלט שכור'דיג מיין קאָפּ.

די בלויזע אָרעמ'ס אין בראַסלעטען,
און רינגען גאָלדענע אין נאָז –
נור איהרע אויגען, דוכט זיך, שפּעטען,
און ס'טוהט מיט שטאָלץ פון זיי אַ בלאָז.

עס קומט די נאַכט. איך ווייס פון וואַנען
ס'קלינגט אָפּ אַ ליידענשאַפטליך קול.
כ'ליעג ערגעץ צווישען די פּלאַטאַנען,
און שיק מיין קללה און מיין גרוס.



## מִזְרָח-אויגען.

און קוק איך ווען אין דיינע שוואַרצע אויגען,
צעווייקעלט זיך אַ מזרח-נאַכט פאַר מיר,
אין זומער-דופט, אין נעבעל-טהוי בעצויגען,
מיט גרויסע שטערען, ווי מיט פערעל-שניר...

ס'בעוועגט זיך ווייט און וויעגט זיך אום אַ פלעמעל,
אַזוי ווי ס'וואָלט געברענט דאָס האַרץ פון נאַכט:
עס פיהרט, מִסְתָּמָא, עמיץ דאָרט אַ קעמעל,
דורך פייכטען גראָז, פון פאַלמען-צוים בעוואַכט...

עס טוהט אַ שאָרך אַ ווינשטאָק וואו אַ גרינער,
און ס'מישט זיך אויס דער קלאַנג אין שטומען פעלד
מיט ווייטע ליעדער פון אַ בעדואינער,
וואָס ליעגט נאָך וואַך ביים ברעג פון זיין געצעלט...

און שליסט דעם בליק דער שוואַרצער ברעמען-בויגען,
און קומט דער שלאָף דער מיידעלשער צו דיר, –
דאַן דוכט מיר אַלץ: עס וואַכט נאָך אין די אויגען
די מזרח-נאַכט מיט איהרע שטערען-שניר...



# בענגאלישע רויזען.

סאָנעט.

אָפּט ווייזט מיין טרוים אַ טעמפּעל פון בראַמינער
ביים הייליגען און מלכות׳דיגען גאַנג;
דער אָוונד איז שוין צוגעפאַלען לאַנג,
און ס׳אָטהעמט קיהל דער ברעג דער טונקעל־גרינער.

כ׳זעה רויזען דאָרט בענגאַלישע... ווי באַנג
און תּפלה׳דיג איז זייער דופט דער דינער!
און אָט דערזעה איך בודדאַ׳ס טרייע דיענער,
זיי געהען מיט אַ לאַנגזאַמען געזאַנג...

ביים בילד פון סיוואַ רויכערען זיך בְּשָׂמִים,
און ס׳רינגעלט אום אַ העלער מענטשען־שטראָם איהם —
פון דופט און פון גאָטספאָרכטיגקייט אַ ראַהם;

עס שמייכעלט קאַלט דער שטרייגער פָּנִים סיוואַ׳ס,
און עס פערטויבט די ווייטע גרינע סביבות
דער הייליג קלאַנג פון הילכיגען טאַם־טאַם*).

*) אַזאַ אינסטרומענט; אַ מין גאָנג.



# קלעאָפּאַטרע.

ס'שטייגט אין הימעל דער סיריוס דער בלאַסער
ווי אַ טהוי-טראָפּען ליכטיג און שטיל,
און ער טובל'ט זיך לייכט אין דעם וואַסער
פון דעם מלכות'דיג-טונקעלען ניל.

ס'טוהט אַ שלאַנקער און בלאָהליכער לאָטאָס
וואו-ניט-וואו זיך אַ וויעג אין דער נאַכט:
אַ פער'חלום'טער ווינטעלע האָט דאָס
איהם אַ גרוס פון אַ פּאַלמע געבראַכט.

ס'שלאָפט דער פּאַלאַץ אין שימער אין בלאַסען,
ס'ליגען שאָטענס ווי בענדער פון קרעפּ
אויף די מאַרמאָרנע, ווייסע טעררא־סען,
אויף די ריעזיגע זיילען און טרעפּ.

דאָרט, אין איינעם פון ווייטע חדרים,
קלעאָפּאַטרע אַנ'איינזאַמע ליגט;
ס'פאַלט דאָס העמד, און ס'ענטבלויזט זיך איהר אָרעם,
און אַנ'אומרוה די ברוסטען צעוויעגט.

ס'שטייגט אַ בשמים-רויך בלוי פון אַ בעכער,
שכור'ט איין, זאַפּט זיך איין אין איהר קלייד,
און אַ ליעד זינגט דער קערפּער דער פרעכער,
און ער פלאַטערט פון ליעבע און לייד.

ס׳ליעגט די מלכה פון לוסט און עגיפּטען,
און, אין בענקשאַפט נאָך אָרגישע נעכט,
וואַרט זי אָפּ איהר געטרייען געליעבטען,
איהר געליעבטען — אַ יונגינקען קנעכט.

און עס וואַרט דער געלעגער אַ גרייטער,
דער געלעגער פון פּורפּורנעם שטאָף;
מיט אַנ׳אייביגער לײדענשאַפט וועהט ער,
און אויף אייביג איז פרעמד איהם דער שלאָף.

אין די שאָטענס פון ווייד-באַלדאַכינען,
בײ׳ם מעלאָדישען שטאַנגען-געוויעג,
וועלען קערפּערס דאָרט צוויי ביז בעגינען
אָהן אַנ׳אויפהער זיך שליינגלען פון גליק.

עס וועט קלינגען דאָס בלוט אין די שלייפען,
און אין האַסטיגען הענטענגעפלעכט,
וועלען שמאָלע און גאָלדענע רייפען
לאָזען שפּורען אין לייב פון דעם קנעכט.

באַלד וועט קומען דער ליעבסטער, דער שענסטער,
נור דערווייל איז אין פּאַלאַץ נאָך שטיל — —
ס׳קוקט דער סיריוס און שמייכעלט אין פענסטער,
און עס זינגט פון דער ווייטען דער ניל ...

*

# בײם האַפען.

װי ריזען שטעהען נעבען ברעג די שיפען,
צום אָבשװימען אין װײטען לאַנד געגרײט;
דער ים איז העל און זוניג-בלוי געשליפען,
און זעגלען װינגען, יום-טוב׳דיג צעשפּרײט.

אין װײסע פאַלטען ברומט דער מאָרגען-אָטהעם,
און אומגעדולדיג צאַפּעלט דאָס געװאַנד,
און רײסט זיך צו די װײטע װילדע שְבָטִים,
און איז דעם דראַנג ניט אײנהאַלטען אימשטאַנד.

ס׳װעט אױפשטײגען פון װאַסער באַלד דער אַנקער
און װעגענען זיך רױשיג מיט דעם ברעג;
אַ שױמען-פּאַס אַ זילבערנער און שלאַנקער
װעט מיטגעהן אין דעם אומענדליכען װעג.

און איך װעל בלײבן װידער דאָ בײַ׳ם האַפן,
בעגלײטענדיג דאָס שיף צום האָריזאָנט, –
צום לאַנד פֿון זאַמד, פֿון אָבגעבראָכענע שקלאַפן,
צום לאַנד פֿון זון, װאָס איז פֿון לאַנג מיר נאָהנט.

װי פֿריהער, װעט די שטאָדט מיט רעש פֿערשײטען
מיך אומרינגלען און דריקען מיט איהר לאַסט –
ביז ס׳װעט אויף ס׳נײ בעװײזען זיך פֿון װײטען
בײַ׳ם װנען-גלאַנץ דער דינער שפּיץ פֿון מאַסט.



## פריהלינג אין פאַרק.

גע׳בְשָמִים׳ט האָבען היאצינטען,
געשאָטען שמייכלען צו די פים;
אין פריהלינג׳ס-פארק אין פריש-בעגרינטען
האָט מען געשפיעלט אין לאַאון-טעננים...

ערפיהלט מיט דרייסטקייט מיט געניטער
האָבען געפאַכט די יונגע הענט,
און ס׳האָט מיט חוצפה׳דיגען ציטער
געשוועבט די פילקע, הויך געווענדט...

און ס׳האָבען בוימער, ס׳האָבען בלומען
געשיקט אַ פלוך צו יענער זייט,
וואוהין עס איז דער מענטש געקומען
דעם יום-טוב שטערען זיי פערשייט!...

✱

# די מיטען-נאַכט.

### סאָנעט.

און ווען פון טורעם פון דעם אַלטען פּאַלעץ
צוועלף לאַנגזאַמע און אָהנמעכטיגע קלאַנגען,
וואָס ווערען אין דער ווייטער ווייט צוגאַנגען,
און ווערען אין איהר שאָטען-שוים פערפאַלען –

בעוויזט זי זיך מיט וואָלקען'ס טול בעהאַנגען,
דאָס בלויע טול בערעגענט מיט אָפּאַלען;
אין פאַלדען-טונקעל ברענען בלאַסע שטראַהלען,
לבנה'דיגע, ציטערדיגע שלאַנגען.

בערוהיגט שטעלט זי איהרע שטאָלצע טריט,
און אונטער איהרע ברעמען-שאָטענס בליהט
דער מלכות'דיגער סוד פון איהרע טרוימען;

און ס'הערט זיך צו די איינגעוויעגטע שטאָדט,
צו יעדען נייעם אָבקלאַנג פון איהר טראָט,
וואָס גוססט אין די ווייטע גאַסען-רוימען.



# ווינטער.

לאָמיר מיידען די געביידען וואו מיר לײדען אין דער שטיל,
וואו ס׳איז שטויביג און נישט אייביג יעדעם מענשליכעס געפיהל.

ס׳קומט שוין ווינטער. באַלד צובינט ער זיינע אוצרות פול מיט גלאַנץ,
ס׳וועלען שנעען זיך צעוועהען און פערדרעהען זיך אין טאַנץ.

ווייסע קראַנצען וועלען טאַנצען, וועלען גלאַנצען אין דעם רוים,
און צופאַלען, ווי אָפּאַלען, אין אַ שכור׳דיגען טרוים.

ווייסע קווייטען, איינס צום צווייטען, וועלען שפּרייטען זיך אויף דר׳ערד,
און די בוימער, יונגע טרוימער, וועלען אָנטהון ווייסע בערד.

נור דער ווינטער וויים־געשפּינטער וועט ניט בויען דאָ זיין נעסט,
און ניט דאָ וועט אונז לְכָבוד זיין דער מלכות׳דיגער פעסט.

אַך, די גאַסען וועלען שפּאַסען פון די פּאַסען ווייסען שניי,
ס׳וועלען מענטשען זיי ניט בענטשען, נור צוטרעטען זיי אָהן וועה...

לאָמיר מיידען די געביידען וואו מיר ליידען אין דער שטיל,
וואו ס׳איז שטויביג און נישט אייביג יעדעם מענשליכעס געפיהל.

לאָזען וועגען, ווייסע שטעגען אונז אַנטקעגען פליהען שנעל,
האַסטיג פליהען און צוגליהען אין דער קאַלטער שענקייט העל.

ווייסע ווייטען ביי די זייטען זאָלען בייטען זיך אָהן סוף,
זאָלען שווינדען און זיך צינדען, ווי פערהילט אין ווייסען שטאָף.

און אינאיינעם, אויף דעם ריינעם, אַלגעמיינעם ווייסען פעסט,
וועלען זיין מיר, מיין געליעבטע, ווי געוווינשטע ליעבע געסט!...

*

# אין צירקוס.

### סאָנעט.

עס רופט מיך אָפט דער ציקרוס דער פערשייטער,
וואו אויף דעם זאַמדיגען אַרענע־פּלאַץ
ערשיינט אין מיץ דער פאַרביגער פּאַיאַץ,
און הייזעריג און הילכיג עפּעס שרייט ער...

כ'ליעב אַקראָבאַטינ'ס, בויגיג ווי אַ קאַץ,
וואָס פלעכטען זיך מיט שטריק אַלץ העכער־ווייטער;
די פלינק־צוהיצטע רייטערינ'ס און רייטער,
וואָס שפּיעלען מיט אַ ברענענדיג שטורקאַץ...

מיט פּאַטשערייע און מיט געשריי צוזאַמען
דאַנקט דער המון פון אויבען און פון אונטען,–
און מיט אַ קונץ־שטיק ענטפערט דער אַרטיסט;

עס שמעקט מיט שוויים פון מענטשען־לייב געזונטען,
און ס'מישען זיך פּאַרפומען פון די דאַמען
מיט ריחות פון דעם פרישען פערדענמיסט...



## צוויי.

ס׳האָט זיך זון מיט שטאָדט געזעגענט, ס׳האָט געגליהט די מערב־געגענד,
ווען עס האָבען זיך בעגעגענט ביי אַראָג אַ פּראָיען־פּאָר:
אין אַ ווייסען קלייד איז איינע, פול מיט בלאָהע פיילכען קליינע,
און די צווייטע – אַ געמיינע, מיט געפאַרבטע מויל און האָר.

ס׳געהט די ערשטע ווי אַ געטין צום געליעבטען מיט בוקעטען,
פול מיט ליעבע און געבעטען, פול מיט אומשולד פון אַ קינד;
ס׳געהט די צווייטע זיך פערדינגען, ס׳פינקלען העל די אויער־רינגען,
און זיי וויעגען זיך און זינגען וועגען שוואַרצע נעכט פון זינד.

ס׳טוהט די ערשטע שטיל אַ ציטער, ווי אַ סטרונע פון אַ ציטהער,
ווי אַ זאַנג פאַר אַ געוויטער, – און עס קוקט די גאַסען־פרוי
פול מיט פרעכהייט און מיט העזה אויף דאָס פּנים׳ל דאָס ראָזע,
וועלכעס לויכט ווי אַ מימאָזע, קוים בעשטויבט מיט פריהלינג׳ס־טהוי.

ווייט צולויפען זיך די וועגען, יעדע ציעלט צו אַנד׳רע ברעגען,
בלויז דער צופאַל האָט אַנטקעגען איינם צום צווייטען זיי געבראַכט;
די – וועט ליעבע־קושען צעהלען, וועגען גליק איהר פריינד דערצעהלען,
און די אַנדערע וועט טהיילען מיט פערשייטע געסט איהר נאַכט.



# אויף אַ באַל.

אַך, ווי ס׳קלינגען דין די ריטהמען
פון דעם רוישענדיגען שפיעל!
ס׳דוכט זיך אוים מיר: דאָס צושיט מען
רינגען גאָלדנע אויפ׳ן דיל.

און די בויגעוודיגע, שנעלע,
יונגע קערפּער׳ס ווינגען־מיט;
ס׳לאַכט פּאָר פרייד די טאַראַנטעלע,
קלויבט די פּאָרלעך און צושיט.

פּאָרלעך יאָגען זיך און גליצען,
ציטריג שמועסט זייד מיט זייד,
ס׳בלאַנקען ס׳בליצען ווייסע שפּיצען —
ס׳צוקט אַ פלאַם פון יעדער זייט.

הילכיג ברומען די טראָמפּייטען,
און די פלייטען העלפען טריי,
דיקע פּויקען זיי בעגלייטען
מיט אַ טויבער הודזשעריי.

אָרעמ׳ס קייטלען זיך אַלץ פעסטער,
נור ס׳הערט קיינער נישט אין ליעד,
ווי אַ פיעדעל פון אָרקעסטער
בעט־זיך, קלאָגט־זיך: כ׳בין שוין מיעד!״...



# דאָס ליעד פון קלאָאון.

אַך, ווי דורשטיג דער צירק איז נאָך נייעס!
ס׳דוכט, אַ לייב וויל זיין רויב דאָרט צורייסען...
און איך קרים און איך קנייטש אין העוויות
מיין געזיכט, וואָס געפאַרבט איז אין ווייסען.

כ׳קום אַרויס, מיט די גלעקלעך בעהאַנגען,
מיט די גלעקלעך די אייביג-געטרייע;
אָ, ווי טריי זענען זייערע קלאַנגען –
זיי פערשטעהען מיין יעדע העויה...

ס׳לאַכט דער צירק, ווען איך לאַך פול מיט וועהען –
וואָס זשע קאָן ער דען אַנדערש דאַן מיינען?!
נור די גלעקעלעך מיינע פערשטעהען,
און זיי ווײנען... איך ווייס, אַז זיי ווײנען...

אָבער דאַן, ווען ס׳איז פרעהליך בּאֱמֶת,
ווען די פרייד שטייגט פון זעל פון פערשוועכטער, –
איז געננוג פאַר די גלעקלעך אַ רֶמֶז,
און זיי לאַכען אַ האַרציג געלעכטער!...

כ׳ווייס – אין טאָג פון מיין איינזאַמער גסיסה,
ווען כ׳גיב אָפּ׳עט מיין שמחה און לייד איהם –
וועלען גלייך מיט אַנ׳אַלטער אַקטריסע
מיינע גלעקלעך מיר זינגען הֶסְפֵּדים...



# אַ שטאָדט-פֿריהמאָרגען.

דער בלאָה-פֿערנעבעלטער בעגינען
קוקט אין די פֿענסטער שוין אַרײן,
און קלאָרער לויכטען די רובינען
פֿון קאַלטען אױסגעשפּריצטען װײן.

די שויב װערט דורכזיכטיגער, בלױער,
אָט פֿאַלט פֿון װאו אַ בלאַסער שטראַהל,
און אויף דער ערד פּלאַמט-אויף געניער
דער דין-צוברעקעלטער באָקאַל.

צוקנײטשטע, אױסגעלאַכטע רױזען
צװאָרפֿען ליעגען נעבען שװעל, —
װי זײער סוד װאָלט װער ענטבלױזען
און לאָזען נאַקעט זײער זעל.

זי שלאָפֿט אין בעט מיט הענט צושפּרײטע
אין מיעדער, אָהנמעכטיגער פּראַכט,
די לאָקען שװאַרצען זיך, צװעהטע,
װי בלומען װינדיגע פֿון נאַכט;

עס חלומ'ט פֿרעך איהר מויל האַלב-אָפֿען,
די ברוסט צופֿאַלבט דאָס װײסע העמד,
די אָרעמ'ס איהרע רוהיג שלאָפֿען,
און בלאַנקען קאַלט און בלאַנקען פֿרעמד.

דער טאָג רוקט נעהנטער צו זײן פּנים
צום שויב. ס'איז לאַנג אַװעק די נאַכט.
ס'װאַכט ערגעץ אויף אַ גלאָק — ב'דערקאָן איהם:
דאָס שלאָגט דער טורעם-זײגער אַכט.



## פריהלינג אין פּאַרק.

עס שטאַרבען לעצטע שנעען-שטיקער,
די לופט איז זוניג-רייף און שטאַרק,
און ווי פון אַלטען וויין איז שיכּור
דער ברייטער, אויפגעוואַכטער פּאַרק.

די גרינע קייט פון בוימער-שטאַנגען
איז פול מיט פויגעלשער מוזיק,
און ס'צאַפּעלט שוין אין די געזאַנגען
דער פרישער רייץ פון פריהלינג'ס-גליק...

די בענק ענטבלויזען ווערטער, נעמען,
פון פאַראיאָהרען נאָך געשניצט, —
נאַאיווע, קליינינקע פּאָעמען,
וואָס האָבען העל אַמאָל געבליצט...

עס שלייכען מיידלעך, ווי בת-מלכּות,
אין זייער שעמעוודיגער פּראַכט,
און ס'שמייכלען בלאָהינקע פיאַלקעס
אויף זייער ברוסט, וואָס אָטהעמט זאַכט...

זיי גערהען דורך מיט אַ געהיימען
און יונגען ציטער אין דעם בליק,
און ס'קלינגען שטיל די טריט ווי ריימען,
ווי ריימען וועגען פריהלינג'ס-גליק...



# בלומען אין שנײ.

טריאָלעטען.

עס האָבען קנױלען שנײ געשאָטען,
און דין געװען איז זײער שטים;
ס'האָט גאָט אין רױם געטהון אַ שװים
און האָט מיט קנױלען שנײ געשאָטען.
און עמיץ אױף אַ ראָג אין שאָטען
פערקױפט האָט בלימעלעך פון קרים.
עס האָבען קנױלען שנײ געשאָטען,
און דין געװען איז זײער שטים.

און ס'האָבען פעלצען, פוטער־היטלען
צוקױפט די בלומען מיט אַ האַסט;
ס'איז ליעב געװען דער מִזְרָח־גאַסט
פאַר פעלצען און פאַר פוטער־היטלען;
און ס'האָבען בלאָה אױף װײסע קיטלען
געשײנט די בעכערלעך פערבלאַסט.
עס האָבען פעלצען, פוטער־היטלען
צוקױפט די בלומען מיט אַ האַסט.

ס'איז פול געווען מיט שמאַרץ און וואונדער
אַ יעדער איינציג בלומען־בליק;
דאָס בלומען־האַרץ, גערויבט פון גליק,
איז פול געווען מיט שמאַרץ און וואונדער;
און יעדעס, בלוטענדיג בעזונדער,
האָט שטיל געבענקט אַהיים צוריק...
ס'איז פול געווען מיט שמאַרץ און וואונדער
אַ יעדער איינציג בלומען־בליק...

און ס'האָט דער שניי מיט ליפען קאַלטע
געקושט די בלימעלעך פון קרים...
אָ, יענער קוש! עס וועהט פון איהם
דער סם פון מתים־ליפען קאַלטע!
ס'האָט פאַר'ן בליק די זון פון יאַלטע
צום לעצטען מאָהל געטהון אַ שווים!
עס האָט דער שניי מיט ליפען קאַלטע
געטוידט די בלימעלעך פון קרים.

*

## שטאָדטישעס.

שידען, שילדען און טראַמווייען, שילדען, שילדען און וויטרינעס---
אַך, זאָל איינמאָהל האָטש אַ פּאָך טהון עפּעס דופּטיגעס און גרינעס!

ערגעץ שטראַהלען דאָך מדינות, פאַרביג-בלומיגע מלוכות,
און איך וואַנדעל דאָ פערוואָרפען, און איך זוך עס, און איך זוך עס...

ס'האָבען ווילד-געהיימע רוחות מיך פערכאַפּט אין ענגע קרייזען,
און נצחונ'דיג בעלאַגערט מיך מיט נעבעל און מיט אייזען.

אַ פּערטומעלטער צו שפּרייזען איבער גאַסען, איבער סקווערען,
און די זעלבע ענגשאַפּט זעהן נור, און די זעלבע קלאַנגען הערען.

זעהן דרעססירטע קאַוואַלערען, אַ באַנאַלע פרויען-פּאָזע,
און צורוישטע קליידער-פאַלדען מיט דער שמייכלענדיגער העזה.

און אין אָווענדען אין ראָזע, זעהן אַ תּאוה-אויג אַ גרויסעס,
צי ווי ס'ברענען פרעך דעם הימעל העלע, שרייענדיגע אותיות.

און ביי שוימענדיגע כוסות, אין עלעקטרי און גערודער,
זעהן אַ בלויקייט אונטער אויגען, פאַרבען ביליגע און פּודער.

מיט דיין טרייען צווילינג'ס-ברודער—מיט דעם שאָטען—שפּעטער געהען,
מיעד זיך וואַקלענדיג, אַ היים-צו פון די רויכיגע קאַפעען.

און אַ פּאַל טהון מיט די וועהען אויף דעם בעט, אַזוי פערלאָרען,
ווי עס פאַלט אַ בלאַט פון בוימער, ווען סעפּטעמבער קומט צופאָהרען.

און צו-חלום קומט דיר קאָרן, קומען פיילכען, קומען לײַנען,
ערגעץ בלויען ליעבע טייכלעך, און בעריאָזעס עפּעם טעֲנה'ן,

דערפלעך רוהען, טהויען שיינען, ס'ציהען וועגען וואַמדיג-קרומע,
ס'וואַכט אַ צלם ביי אַ שייד-וועג, שטיינער מאָכיגע און פרומע,

ווערבעס אומעטיגע-שטומע, אַלע-האַרציגע, בעקענטע,
און אָט טוט אַ שמעק פון גערטנער מיט דער עָנָו'דיגער מיענטע.

נור די טרוימען ראָז-צובערענטע נעהמט אַ פייפען פלוצלונג שטיקען-
לאַנגע, הייזעריגע שטימען פון די שטאָדטישע פאַבריקען.

כאַפּסט זיך אויף: פאַר דיינע בליקען שלייכען-דורך שוין שטראַהלען-פאַסען;
שלעפּסט-זיך-צו פערמאַטערט, הילפלאָז צו דעם פענסטער צו דעם בלאַסען:

וועכטער קעהרען שוין די גאַסען, ס'קומט דער טאָג מיט זיינע כֵּלָלִים.
און אין מיסט-וואָגען פון וועכטער ווערט פערקעהרט דיין ליעבער חלום.

*

## בענקשאַפט אין שטאָדט.

איך קען מיך נישט באַפרייען
פון שטאָדט, וואו ס'יאָגען שנעל
רויט-אויגיגע טראַמווייען,
און פייפען-אויס מײַן זעל.

וואו יעדער טרוים אַ טיעפער
געוואויגען ווערט אויף געלט,
געמאָסטען ווערט מיט ציפער,
מיט חשבון'דיגער קעלט.

וואו ס'קיניגט די געניטע
פערברעכערישע נאַכט,
וואו אײַנמאָהל אין אַ שמיטה
בעווייזט די זון איהר פראַכט.

וואו ס'פעהלט די שטיל-בערוהטע
עניוות אין דעם בליק,
און וואו דער קלאַנג פון פּרוטה
איז ליעבער פון מוזיק.

וואו רוהם האָט נור אַזוינעם
וואָס שטויביג איז און אַלט,
וואו ס'רופען אײַך נור זונות
און שלעפען מיט געוואַלט.

די טומעלדיגע ענגשאַפט –
זי מאַכט פון אַלץ אַ תל,
און שלייפט אין מיר די בענקשאַפט
פון ליידענדיגער זעל.

*

## פריהלינג אין שטאָדט.

ס׳שטראַהלען־אויף די פענסטער־ראַמען, און מיט פריהלינגס־דופט צוזאַמען
קומען ערשטע פויגעל־גאַממען, ערשטער מורמעל פון דער טויב;
דורך אַ ווייט־געהיימען שטעגעל קומט אַ ווינד, אַני־עולה רגל,
און בלאָזט אָנ׳עט ווי אַ זעגעל די גאַרדינען ביי דער שויב...

עס צושמייכלען זיך די גאַסען מיט אַ פייכטען גלאַנץ אַ נאַסען,
און עס ציהען מענשען־פאַסען, ס׳לויכט אַלאַנגער מענשען־קראַנץ;
און אויף רוישיגע קאַנאַלען, אויף די ווענד און שטיינער פאַלען
רינגען גאָלדענע פון שטראַהלען אין אַ ציטערדיגען טאַנץ...

ס׳ווערט דער וועטער קיהלער־לינדער, אויף די הויפען שפּילען קינדער,
און ביים פענסטער האָט דער בלינדער שוין אַ ציה געטהון זיין ליעד;
און אין בלויקייט פון פאַרנאַכטען ווילט זיך לענגער בלייבען טראַכטען
אין דעם שאָטען אין דעם זאַכטען פון דעם אַלטען פאַרק, וואָס בליהט...



# שטאָרטישע אָווענדען.

עס טונקלען לאַנגזאַם זיך די גאַסען;
די נאַכט, זי נידערט מיעד און שווער;
און אַ געלעכטער אויסגעלאַסען
דערטראָגט אַלץ אָפטער זיך פון סקווער.

אָרקעסטער׳ס נעהמען זיך שוין הערען,
אין הימעל שניידט זיך אַראַקעט,
און שרעקט די ווייטע, בלויע שטערען,
די שטילע קינדער פון געבעט.

עס האָבען העל די רעסטאָראַנען
שוין אָנגעצונדען זייער ליכט;
און ס׳קוקט פון דאָרטען און פון דאַנען
אין תַּאֲוָה-קאָרטשען אַ געזיכט.

ווי שטענדיג, – גאַסען-פרויען קומען,
די קליידער סוד׳ען זיך פערשייט;
ס׳שלאָגט-אָפּ מיט ביליגע פאַרפומען,
און ס׳ווינקט פון אויג אַ שוואַרצע ווייט.

ס׳איז אַלץ פון ליידענשאַפט בעטרונקען;
אַפילו דאָרט דער לאַנגער דראָט
האָט אין דער הויך זיך אויך צעוואונקען
מיט בלויע פונקען צו דער שטאָדט.

דעם ווייטען טעמפעל-קלאַנג פערשוועכען
די ווילדע שטימען פון הַמוֹן;
און ס׳רייפט אין טונקעל דאָס פערברעכען,
און ערגעץ וואַרט אויף איהם אַ קרוין.



*   *
*

פערשאָלטען זיי, אָ שטאָדט, אָ שוואַרצער מֶלך!
האָסט מיך פערפיהרט אין דיינע כּשוף-קרייזען,
דו האָסט מיין הארץ, וואָס האָט געצאַפּעלט פרעהליך,
פער׳סַמ׳ט מיט בלוט, מיט נעבעל און מיט אַייזען...

צושיטען זיך נור ווייט די בלאַסע שטערען
אַריבער דיינע אויסגשטרעקטע דעכער –
דאַן צינדסטו אָן דיין בלוטיגען לאַמטערן,
און רופסט צום ויין, וואָס וואַרט שוין גרייט אין בעכער..

צושיקסט אין אַלע גאַסען דיינע טעכטער
די קערפּער׳ם די פערמאַטערטע פערדינגען;
געפאַרבטע ליפען שיסען מיט געלעכטער,
און אין די אויגען פרעכע פלאַמען זינגען...

איך װײס – װאוהין איך זאָל מיך נור נישט װענדען –
כ'װעל אומעטום געזיכטער שטרענגע טרעפען,
טראַמװאַיען, שילדען, שױבען, װעלכע בלענדען,
און מױערען מיט שװערע באַרעליעפען...

מיט הױכע קױמענס לעכערסטו דעם הימעל,
פערשטריקסט זײן בלױקײט מיט אַ נעץ פון דראָטען;
און פרעמד איז דיר דאָס פרײע פעלדער-בלימעל –
האָסט מיט אַספאַלט דאָס גרינע פעלד צוטראָטען...

פערשאָלטען זײ, אַ שװאַרצער מֶלך מײנער!
האָסט מיך געשמידט אין דײנע כּשוף-קרײזען!
איך לױף פון דיר צו צעלטען פון ציגײנער,
װאו ס'װעט איהר פראַכט די מאַמע-ערד מיר װײזען.

*

# מיין באָבעשי.

I.

איך קום צו דיר, טהייערע באָבעשי, ווידער,
איך קום צו דיר ווידער פון רוישיגע שטעדט;
אָזעה־אַפערמאַטערטער פאַל איך אַניעדער
צו דיר אויפ׳ן שוים מיט מיין שטילען געבעט.

איך קום פון דעם לאַנד, וואו דער מלך איז אַייזען,
וואו ברוגז׳דיג קלינגען די מענטשליכע טריט,
וואו ס׳ווערען די קינדער געבוירען שוין גרייזען,
און שטאַרבען נאָך איידער זיי האָבען געבליהט...

און דאָ... אַך, מיין טהייערע, טהייערע באָבע!
ווי ליעב איז דאָ אַלץ, און ווי נאָהנט און ווי גוט...
וועסט עפענען באַלד דיינע סְפָרִים די גראָבע,
און וועסט מיר אַמעשה דערצעָהלען בערוהט.

און שטיל וועט דעם ניגון פון מעשה בעגלייטען
דער שאָטען פון עָבַר, וואָס וועט מיר צוריק
בעקרוינען מיין האַרץ מיט די שטראַהליגע קווייטען
פון קינדישער תמימות, פון קינדישען גליק.

איך קום צו דיר, טהייערע באָבעשי, ווידער,
איך קום צו דיר ווידער פון זינדיגע שטעדט,
אָזעה־אַפערמאַטערטער קניע איך אַניעדער
פאַר דיר מיט מיין האַרציגען, שטילען געבעט!...

*

II.

פאַרנאַכט, ווען ס'צוגיסט זיך דער ראָזיגער שימער,
און ס'קומען פון ערגעץ-וואו שאָטענס צושוועבן, —
פערלאָזט דאַן מיין באָבע איהר איינזאַמען צימער,
און געהט אין דעם גאָרטען, וואָס מורמעלט דערנעבען.

זי זעצט זיך אַוועק אויף אַ באַנק אויף אַ ברייטער,
וואָס טוליעט זיך שטיל צו אַ בוים אַן'אַלטען,
געשליינגעלטע, מאַטאָווע שאָטענס פערשפרייט ער,
וואָס שלייכען זיך דורכ'עט ווי נעבעל-געשטאַלטען.

זי עפענט דעם סידור דעם גראָבען, וואו ס'ליגען
די געלבליכע טרערען-סִמָנִים בעהאַלטען;
רַחֲמָנוּת'דיג ציטערט איהר ווייבערשער ניגון,
וואָס גיסט זיך פונאַנדער אין גאָרטען אין אַלטען.

און צערטליך ווי זיידענס, און לייכט ווי אַ דרימעל,
דערהויבט זיך אַ רויך פון פאַרנאַכטיגע טהויען;
מיט איהם שטייגט דער באָבעשי'ס ניגון צום הימעל,
און אַיילט זיך זיין בענקשאַפט פאַר גאָט צו פערטרויען.

עס לעשען זיך לאַנגזאַם אין מַעֲרָב די פלאַמען,
עס ווערען אַנטשוויגען די פויגעלשע ליעדער;
די באָבע שלאָפט-איין מיט דעם גאָרטען צוזאַמען,
און שטיל אויף די קניע בלייבט דער אָפענער סידור.



III.

אין גאָרטען, אין שאָטען פון גרינע עֲרָבות,
פלעג איך ביי די פיס פון מיין באָבעשי ליעגען,
און זי, אַ פערטיעפטע אין איהרע מַחְשָׁבות,
פלעגט מעשיות דערצעהלען מיר שטיל מיט אַ ניגון.

פלעגט מעשיות דערצעהלען פון „מנורת הַמָאור״,
פון אַלטען פערחָלומ׳טען סֵפֶר פון דיקען,
איהר בליק האָט געברענט מיט אַ האַרציגען טרויער,
וואָס פלעגט זיך פערטווישען אין העלען ענטציקען...

און פלאַטערען פלעגען דערנעבען ווי טויבען
די שאָטענ׳ס פון הייליגע, גרויסע צדִיקִים...
אָ, וונינער חָלום! אָ, קינדישער גלויבען!
ס׳וועט קיינער, שוין קיינער ניט ברייגנען צוריק איהם!...

און פונקט ווי אַ טהייערע פאַרמעט-מְגִילָה
צעוויקלען זיך איצטער די בילדער די אַלטע,
און ס׳ציטערט אין ברוסט אַ פערגעסענע תפלה,
וואָס אָטהעמט מיט בְשָׂמִים פון בלומען צושטראַהלטע...

*

## IV.

פון פעלדער־ווייטקייט קומט די מַלְכָּה שבת.
אַט צינדט זיך שוין אַ שטערען אומגעריכט.
עס ויגען שירה ערגעץ נאָהנט די זשאַבעס.
די באָבע האָט שוין אָבגעבענטשט די ליכט.

זי זיצט אַצונד פער׳חלומ׳ט אויף דעם גאַנעק
פון אונזער אַלטען, שאָטענדיגען הויז.
דער אָוענד שמעקט מיט בעז און מיט רומיאַנעק.
ס׳איז שטיל אַרום. מען הערט: דער טאָג גייט אויס.

דאָס אויסטערלישע שבת־קלייד בעפליטערט
מיט פאַטשערקעס מיט שוואַרצע, דראָבנע־פלאַך;
אַ שנור פון אַלטע פערעל ציטערט, ציטערט,
אין לעצטען שטראַהל, וואָס שטעהט נאָך אויף זיין וואַך.

די מאַטע אויגען קוקען טריב־פערלאָשען,
די צירונג אָבער שיינט נאָך יונג צו זיין;
ווי ס׳וואָלט אַריבער צו די אַלטע בראָשען
דער באָבעס לאַנג־פערוועלקטער אויגען־שיין.

און ס׳קוקט די באָבע מיט איהר בליק איהר שטומען
צום זאַמדיגען, צום רינגלענדיגען וועג...
צי איז מיט איהם דער אָוענד אָנגעקומען?
צי איז מיט איהם דער לעבענ׳ס־סוד אַוועק?

עס שימערען, ווי ליכטער גרייט צום בענטשען,
די שטערען. ס׳איז דער הימעל בלוי און קיהל.
און ס׳דוכט — ביים גאַנעק׳ס הילצערנע פאַרענטשען
דעם שבת׳ס שאָטען דאַווענט אין דער שטיל.

*

# אָנהויב מערץ.

ס׳דערוועבט זיין לאַנגען טרוים דער ווינטער.
פון דעכער שמייכעלט שוין דער מערץ.
דער שניי דער ברוינער – שטיל צורינט ער,
און ס׳קוקט דאָס פעלד – אַ יונג־פערטרעהרט׳ס.

פון פאַראַיאָהרען נאָך אַ זֵכר –
אַ גראָז בעווייזט זיך גרין־פערגעלט,
אַנ׳אָבגעוועלקטער און אַ בלייכער,
און ׳גלאָצט פערוואונדערט אָן די וועלט.

עס בענטשען לאָנקעס דעם צוריקקעהר
פון זון, וואָס ברייטער אַלץ צושטראַהלט;
פון וויים־צופליקטע וואָלקען־שטיקער
שלאָגט־דורך אַ שטראַהל, נאָך ווייט און קאַלט.

ער טוהט אַ פינקעל צווייטאָל, דריימאָל,
און ס׳צינדט זיך פריש די גרינע מיץ,
דאָס גרינע, נאָדעלדיגע שטריימעל
פון ערשט־ערוואַכטען סאָסנע־שפּיץ.

דאָרט, אויף דעם טייך דעם רוישיג־בלויען
האָט מיט געזאַנג געפלאַצט דער אייז,
און פון דעם פאַרקאַן שרייען קראָהען
אין אַ געדיכטען, שוואַרצען קרייז.

נאָך טרעפט זיך שניי אין פעלד אין שוואַרצען,
דער שניי דער לעצטער אָבער לייגט.
פון צווייגלעך נאַקעטע, וואָס שטאַרצען,
אַ פייכטער פריהלינג׳ס־ריח שטייגט.

*

## פריהלינג אין וואַלד.

אין דער לופט, דער דופט־בעוועהטער,
קלינגען דינע, גאָלדנע סטרונעס –
פון דעם הימעל־רוים אַלץ ברייטער
העל צושמייכעלט זיך די זון עס.

ס'נעהמט שוין ערגעץ פרעהליך ציהען
זיין געזאַנג דער פריהלינג'ס־חזן;
אויף די בוימער־שטאַמען גליהען
טראָפּענס סמאָלע, ווי טאָפּאַזען.

ווי אַ שלאָס אין אַ באַללאַדע
שטעהט דער וואַלד אין טרוים אין שטילען:
ס'איז געשעהן אַ נס אַוודאי
אין זיין דונקעל אין זיין קיהלען.

און אין סך אין פריש־בעגרינטען
פון די שמעקעדיגע סאָסנעס
זינגען ציטערדיגע ווינטען
וועגען שטראַהלענדיגען שלאָס־נס...



# אין אַ פריהלינג׳ס-טאָג.

אָ, ס׳אַראַ פריהלינגס-טאָג איז היינט! אָ, ס׳אַראַ פריידע
עס שלאָגט פון ווינטען-טאַנץ און פון מיין גוף מיין יונגען!
מיר זענען וואַהנזיניג און שכור, דוכט זיך, ביידע,
און אונזערביידענ׳ס זעל האָט הילכיג זיך צוזונגען...
פערליעבטע, טאַנצען מיר אין דער בעגרינטער סביבה,
און קושען פאַרזיכטיג די פיילכען די נאַאיווע...

אין פעלד און וואַלד אַ טאָג אַ גאַנצען נור איך וואַנדער;
אַ ליעבע-צוזאָג וועהט פון ווייטע דרום-לענדער;
און אַ מְכַשֵׁף וויקעלט איבער מיר פונאַנדער
אַ קנויל פון בלויע און פון טהייערע געוועבדער...
עס שטראַהלט אַלץ זויבערער דער הימעל דער צושפּרייטער,
און אין דעם לאָנקע-טייכעל רופט זיך אָפּ אַ צווייטער...

מיט אַ בעזילבערטען און דורכזיכטיגען רוקען
אַט האָבען וויט זיך דראָבנע וואָלקענדלעך בעוויזען,
ווי ווייסע, אויסטערליש-געקרייזעלטע פּאַרוקען
פון די פּאַרצייטיגע פראַנצויזישע מאַרקיזען...
ווי ליעב זיי לויכטען-זיך, די וואָלקענדלעך די קליינע,
די וויים-געדינגעלטע, די פּוכיגע און ריינע...

און אומעטום — וואוהין דו זאָלסט דיין בליק נישט וואַרפען —
שטייגט אויף אַ ליעד... צי גיט אַ ווינטעלע אַ בלאָז עס?
אַך, ניין! ווי ווייטע און ווי ציטעריגע האַרפען,
דאָס זינגען שעמעוודיג די יונגינקע בעריאָזעס...
איך וויים: זיי וואַרטען היינט אויף עמיצען... זיי וואַרטען
אויף זייער פריהלינגדיגען, הייליגען געגאַרטען...

*

# אין גראָז.

די לופט איז דין, די לופט איז מאַי׳איג,
עס שמעקען קווייטען!
עס ברענט אַ פאַרביגע מאָזאַאיק
אויף מיינע בייטען!...

עס שלאָגט פון גראָז אַ פרייד אַ הייסע,
מיך רופט זיין ניגון;
כ׳פאַל-צו צו איהם, מְהֵיכָא תֵיתָא,
און לאָז מיך וויעגען...

מיין העמד צושפּיליע איך, צוקנעפּעל –
נו, גליק, נישט צעגער!
אַריין אין האַרץ! אַ זוניג נעפּעל
היט מיין געלעגער...

איך פיהל – אַ גאָלדען לאַסט נעהמט רייפען
אין מיינע גליעדער...
עס קומען ווינטען און צושטרייפען
די האָר מיט ליעדער...

בלאָזט, בלאָזט אין אייערע טראָמפּייטען,
איהר, בְּשָׂמִים-ווינטען,
און וויעגט מיך שטאַרקער אויף די בייטען
אין סאָד בעגרינטען!...



# אין וואַלד.

ס׳שטראַהלט פון נאָהנטען און פון ווייטען,
שלאַנק דער שטאַם און גרין די נאָדעל!
וואַרף אַ בליק אין אַלע זייטען:
יעדער בוים–אַ כּהן גָדול...

צווישען סאָסנעס לויכטען ראַהמען,
בלויע הימעל־ראַהמען שמאָלע;
און עס ניעדערט פון די שטאַמען
זוניג־שמעקעדיג די סמאָלע...

דינע גאָלדענפיילען דרינגען
און צעפּאַלען זיך אין קווייטען,
און צעברעקלען זיך אין רינגען
אויף דעם מאָך דעם גרין־פערשפּרייטען...

כ׳הער אַ זינגען, כ׳הער אַ פּיקען:
ס׳בויען פויגעל נייע נעסטער,
און ס׳צושטראַהלען מיינע בליקען
פון דעם יונגען וואַלד־אָרקעסטער!...



# װײַסע פלעקען.

די לְבָנָה האָט פערלאָרען בלאַסע שטראַהלען דורך די שטאָרען,
און מײַן צימער איז געװאָרען אין אַ צױבער-טרױם פערטיעפט;
אָט אָ פינקלען זײ און בלײַכען אויף דעם טעפּיך אויף דעם װײַכען
װי אַ כּשוף'דיגער צײַכען, אַ געהײמע הימעל-שריפט...

אָט אָ װערען זײ צוצױגען, אָט אָ לױכטען זײ װי אויגען,
און זײ בױגען זיך און נױגען איבער מיר בײַם ראַנד פון בעט,
און זײ ציטערען און שװעבען, דאָ-פון װײַטען, דאָ-דערנעבען,
און מיר דוכט זיך, אַז זײ װעבען אַ לְבָנָה'דיג געבעט...

װעבט זיך, װעבט זיך, װײַסע פלעקען, ביז דער טאָג װעט אײַך דערשרעקען,
ביז דער טאָג װעט קומען װעקען מיט זײַן טומעל, מיט זײַן פּײַן;
אָבער אײדער כ'װעל ערװאַכען-װעל איך אײַך אין האַרץ פערמאַכען,
און װען שטראַהלען װעלען לאַכען, װעט דאָרט שמײכלען אײער שײַן...



## אַ זון מיט אַ רעגען.

אַ זון מיט אַ רעגען! אַ זון מיט אַ רעגען!
עס לאַכען מיר גאָלדענע טראָפּענס אַנטקעגען,
זיי לויכטען אין לופטען און פאַלען אויף מיר
ווי גאָלדענע פונקען אויף זיידענע שניר...

אַ זון מיט אַ רעגען! אַ זון מיט אַ רעגען!
עס צאַנקען די גראָזען ביים ראַנד פון די וועגען,
עס שמייכלען די בלומען, צוקושטע פון ווינד,
אַזוי ווי עס שמייכעלט דורך טרערען אַ קינד...

אַ זון מיט אַ רעגען! אַ זון מיט אַ רעגען!
עס וויעגט זיך דער בלאָהליכער טייך אין די ברעגען,
עס פאַלען די טראָפּענס אין וואַסער, און גרינג
צולויפען זיי ווייט אין אַ גאָלדענעם רינג...

אַ זון מיט אַ רעגען! אַ זון מיט אַ רעגען!
און ווייט, ערגעץ ווייט וואַרפט זיך איבער אַנטקעגען
אין הימעל אין בלויען אַ פאַרביגער בריק,
אַזוי ווי אַ וועג צו דעם אייביגען גליק...



# אָוונד-קינדער.

ס׳לעשט זיך אוים דאָס גאָלד פון זאַנגען
אויף די ווייטע-ווייטע בייטען,
שאָטען׳ס טונקעלע, ווי שלאַנגען,
הויבען אָן זיך שטיל צו שפּרייטען...

מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגען
אין דער שיין פון אָוונד-פאַרבען
שטעהט אַ שניטערין געבויגען,
בינדט צונויף די לעצטע גאַרבען...

ס׳איז דער מערב-זוים פערלאָשען,
ס׳האָט זיך אַלץ אין רוה פערקליבען,
קיינער איז אין פעלד ניטאָ שוין —
זי נור איינע איז פערבליבען...

און מיר דוכט: דער טאָג האָט ביידען
אונז פערגעסען מיט-זיך נעהמען...
און איך טראַכט, ערפילט מיט ליידען:
„ס׳מוז געוויס איהר זעלע קלעמען״...

און זי ווערט מיר נאָהנט און טייער –
ס׳ווילט זיך צולויפען און נעמען
קושען צאַרט דעם אָווענד־פייער,
וועלכער צאַנקט אויף איהרע ברעמען...

רײַס איך אויס׳עט קליינע בלומען,
קריינקליך־צאַרטע, ווי מיין בײנקען;
מיט אַ ציטער מיט אַ שטומען
געה איך שטיל דעם קראַנק איהר שענקען...

און איך לייג אויף איהרע לאָקען
בלומען דופטיגע און בלאָהע –
זי פערשעמט זיך, קוקט צושראָקען,
פול מיט קינדישער הַכְנָעה...

מ׳הערט אַרום קיין שטים פון מענטשען,
נור אַ ווינטעל רוישט אַ לינדער,
און ער מורמעלט: „כ׳קום אייך בענטשען,
שטילע, מידע אָווענד־קינדער״...

# אָווענד-געשפּענסט.

דאָרטען ווייט, וואו, אַ צוגליהטער, ברענט דער מַעֲרָב-ברעג דער גאַנצער,
שטעהט אַ ריטטער קאַלט, אָהן ציטער, אַ געשמידעטער אין זיין פּאַנצער.

שטעהט אַ ריטטער שעהן און גרויזאַם, אַ פערשאָלטענער פון ווערטען,
פלאַם-בעפלאַסען, און פערשלאָסען די צובראָכענ-שווערע ברעמען.

עפּעס טראַכט ער. וואָס זשע טראַכט ער, ער-דער טיף אין-זיך-פערמאַכטער?
וועמען היט ער, יענער ריטטער, וועמען טרויעריג בעוואַכט ער?

רויט-בעדעקטע שפּיז און העלם, שטאָל און גאָלד אין בלוט געפלעקטע,
און אַהינטער גאָלד און אַייזען שווייגען סודות ניט-ענטפלעקטע.

אֶפְשָׁר דאָרט, אין ווייטער שלאַכט, וואו ס'האָט די נאַכט מיט טאָג געשטריטען,
איז אַ העלד אין פעלד געבליעבען, וואָס דער טויט האָט איהם געמיטען?

שטעהט ער איצטער, בלוט-בעשפּריצטער, אין דעם וויסטען פעלד דעם פרייען
מיט זיין לעבערדיגען פּאַנצער, מיט צובויגענע כְּלֵי-זַיִן?

צי אַ חָלוֹם זעהט די ערד איצט, זעהט דורך לייכטען שלאָף-קריסטאַל איהם,
און דער ריטטער איז אַנ'אָבשיין פון איהר וואַהנזיניגען חלום?

און פיליכט וויל גאָט ניט הערען דאָס געבעט פון מענטשען'ס ליידען,
און ער שטעלט אַ פייער-מלאך, ווי ביים טויער פון גן-עדן?

ריטטער, ריטטער, רוף זיך אָפּ'עט! דיין געדאַנקען – וואָס בעדייט ער?
ס'שווייגט דער ריטטער אַ געשמידעטער אַ פערגליווערטער און ווייטער.



# אויף עטיודען.

טערצינען.

פלעגט יעדען אָוועגד צו דעם וואַלד-זוים קומען
אין לויטער-ווייסען דורכזיכטיג געקליידט,
מיט ציטערדיגע קליינע לילא-בלומען.

די יונגע סאָסנעס פלעגען זיין שוין גרייט,
און פלעגען זי מיט שטילען רויש בעגריסען,
און אויסשטרעקען די גרינע אָרעמ׳ס ברייט.

עס פלעגט זי העל דער סמאַלע-דופט בעפליסען,
און ס׳פלעגט דער מאָך ערוואַכען פון זיין טרוים,
אַזוי ווי ר׳וואָלט זיך פון אַ סוד דערוויסען.

און פול מיט שיין פון שטראַהלענדיגען רוים,
פלעגט זי דעם פינזעל אין איהר הענטעל נעהמען,
און ביים מאָלבערט זיך זעצען נעבען בוים.

עס פלעגען דין אַ ציטער טהון די ברעמען,
עס פלעגט זיך לייכט אַדורכשלייכען די האַנד –
אַזוי ווי זי וואָלט שרעקען זיך, צי שעמען;

און אויף דעם ווייסען פאָן פון דעם געוואַנד
פלעגט בּיסלעכווייז זיך, ביסלעכווייז צופלאַמען
דער מערב אויף דער גרינער בּוימער-וואַנד.

אַלץ אָפּטער פֿלעגען אויפֿלויכטען די ראַהמען
פון זונען־אָבשיין – רויטע ווי קאַרמין –
צעווישען טונקעל־שלאַנקע סאָסנע־שטאַמען.

ס'פלעגט אויסשפּראָצען אַ מאָך, נאַאיוו און דין,
און נאָדלען פלעגען ברוינליכע זיך צינדען,
און שאָטענס פלעגען באַלד אַ פּאָך טהון גרין.

וואָס ווייטער, פלעגט מען פיהלען מעהר דעם לינדען
דעם זינגענדיגען רויש פון יערען שפּיץ,
וואָס פלעגט אין ווייטער בלויקייט וואו פערשווינדען.

אַ וועל פון דופטען פלעגט זיך טהון אַ גליץ,
און ס'האָט געדוכט זיך: בולט הערט דער אויער
ווי עס צורינט די טאָגעדיגע היץ.

זי ענדיגט. געהט אַוועק. און מיט אַ טרויער,
מיט שטילע וועהען קוקט דער וואַלד איהר נאָך,
און מורמעלט וואָס אין האַרציגען בעדויער.

און פלאַכער פלעגט זיך איינבויגען דער מאָך,
און ווייגען שטיל, אין שוים פון ערד פערבאָרגען,
און קינדיש־הילפלאָז איינשלאָפען דערנאָך.

ס'פלעגט אַלץ אַרום ערוואַרטען צו ביז מאָרגען.



# אָוונט־געבעט.

ס'איז שטיל אין פעלד. נור וואו־ניט־וואו צווינגט זיך אַ בעריאָזע.
עס שטאַרבט דער טאָג אויף גראָזען־זייד, און ס'שוועבט זיין אָטהעם גרינג.
עס גליהען שטיל אַרום דעם פעלד די ווייטקייטען די ראָזע,
און שליסען זייער פאַרביגען און שטראַהלענדיגען רינג.

אין שטויב פון וועג, וואָס לויפט אַוועק צום פלאַם פון האָריזאָנטען,
אַ יונגע פרוי ביי'ם צלם קניעט און מורמעלט אַ געבעט;
און ס'דוכט – איהר תפילה איילט צוזאַמען מיט דעם וועג דעם נאָהנטען
צום הימעל־זוים, וואו ס'רוהען וואָלקענס גאָלדען־פיאָלעט.

ס'ווערט טונקעלער און טונקעלער. ווי גוטע, טרייע אויגען
צושמייכלען זיך די פענסטערלעך פון דאָרף, וואָס דרימעלט ווייט;
און ס'דוכט זיך מיר: זיי גריסען עס די פרוי, וואָס ליעגט געבויגען,
און בענטשען עס איהר פרויען־וועה אין מיעדער אָוונד־צייט.

דער הימעל־בעכער ווערט געדיכט מיט שטערען־שטויב פערשאָטען.
דער טאָג איז שוין געשטאָרבען לאַנג, און ס'שטייגט זיין זעלע גרינג.
עס שלאָפען־איין די ווייטקייטען, פערטוליעטע אין שאָטען,
און שליסען, דוכט זיך, ענגער אויף דעם טונקעל־בלאָהען רינג.



# אַ חַתונה.

אַ חַתונה, אַ חַתונה
איז היינט ביי אונזער הויז!
די כַּלה די געלאַסענע —
דאָס איז די שעהנע רויז...

אַ שמעטערלינג אַ לופטיגער —
דאָס איז דער חָתן היינט!
עס שטראַהלט דער סאָד דער דופטיגער,
פון זומער-זון בעשיינט;

און נעבען דער פּאָר דער גליקליכער,
וואָס שטעהט זיך נאָהנט-געפּרעסט,
איז פול אַ ווינקעל איטליכער
מיט אויסגעפּוצטע געסט:

דער כַּלה'ס שוועסטער'ס שעהנינקע,
די רויזען, וויים און ראָז,
און מאַרגאַריטקעס קליינינקע,
וואָס בלייבען זיך אין גראָז...

און לאַנדישען מיט בעכערלעך
מיט ריינע ווי קריסטאַל,
בעשיצט פון גרינע פעכערלעך,
פון בלעטער אָהן אַ צאָהל...

אַ קייט, אַ לאַנגע סטענגעלע
פון רויטע ווילדען מאָהן,
און אויף זיין דינעם שטענגעלע
אַ ראָזיגער פּיאָן...

מאַכָלים זענען פאַרטיגע
אין גאָרטען שוין צושטעלט,
אַ מַשְׁקֶה אַ גרויסאַרטיגע
איז אויך דאָ נישט פערפעהלט:

ביי ביהנען ביי די וועמיגע
אַ זיסער האָניג שטעהט,
און אין די כּוסות בלומיגע
אַ דופטען-וויין איז גרייט...

פון בעזען-בלעטער גרינינקע
די חופּה איז געשפּינט,
אַ לויטערע, אַ דינינקע,
צעוויגט פון לייכטען ווינט...

פון הימעל ביז דעם וואָרעם דאָ –
עס שטראַהלט דער גאַנצער רוים;
עס זענען אויך כְּלֵי זְמָרִים דאָ –
די פויגלעך אויפ׳ן בוים!...

העי, לידער מוזיקאַלישע
מיט האַרץ און מיט געפיהל
לְכָבוד חָתָן כַּלה׳שי
טוהט, פויגעלעך, אַ שפּיעל!...

הויבט-אויף די שטימע אַייערע:
„לאָז לעבען לאַנגע יאָהר
די גליקליכע, די טהייערע,
די אויסדערוועהלטע פּאָר!"...

✽

# ביים ניעמאַן.

אָקטאָווען.

עס אָטהעמט קיהל דער אָווענד־עטהער
און לויכט זיך אָפּ אין ניעמאַן ראָז;
עס רווישען שטיל די גרינע בלעטער,
און ס'טוהט מיט טהוי פון זיי אַ בלאָז;
איך שטייג צום הויכען באַרג, איך קלעטער,
דורך בוימער־גרינס און פייכטען גראָז.
אַ לייכטער ווינט גיט אָפּט מיר איבער
אַ גרוס פון פרישע ליימען־גריבער.

פון ווייטען ווינקט, ווי אַ פערברעכער,
די שטאָדט מיט פייערען געהיים;
דאָרט טונקלען קוימען'ס זיך, און דעכער —
און ס'גלויבט זיך נישט, אַז ס'איז מיין היים;
איך קלעטער העכער אַלץ און העכער,
און ס'קייקלען אָפּט זיך שטיקער ליים.
דער באַרג איז ריזיג און משופּע —
נור ס'רופט די בלויע שטערען־חופּה.

כ'זוך־אויס אַנ'אָרט וואו ס'איז געראַומער,
אין שאָטען'ס זעץ איך מיר אַוועק,
און קוק דורך צווייגען פון די בוימער
אַראָפּ אויף אונטען, צו דעם ברעג;
דער ניעמאַן פליסט, דער אַלטער טרוימער,
און ס'ווערט אַלץ טונקעלער זיין וועג.
עס געהט אַ דאַמפּפער פון דער ווייטען,
אַ רויך בעגלייט איהם ביי די זייטען.

ער שניידט דעם שפּיגעל דעם בערוהטען,
און שווימט פּאַמעליך און בעזאַכט
ווי די פאַרנאַכטיגע מינוטען,
ווי מיין געדאַנק, פון רוה בעוואַכט.
די פענסטערלעך פון די קאַיוטען —
ווי ליעב זיי גריסען דעם פאַרנאַכט!
ווי אויגען קוקען זיי און גאַפען,
ערוואַרטענדיג דעם נאָהנטען האַפען.

ס'פאַלט־צו דער טונקעל. אויף די פליטען,
וואָס שוואַרצען ווייט זיך מיט געהילץ,
אַפלעמעל צינדט זיך אָן אין מיטען,
אַ יתום־דיג'ס, אַ בלוי־פערהילט'ס;
די ברעג־שטיבער, פערטונקט אין בליהטען,
זיי שלאָפען שוין — קיין שאָרך קיין גרילץ;
און נור פון שטאָדט־זייט אָפּט דערשווימען
פערטויבטע, אומרוהיגע שטימען.

*

# נאָכ'ן שטורעם.

עס ציטערט העל אין יעדן טראָפּן
אַ זיבן־פאַרבענדיגער סוד;
עס וועהט מיט פרישע ווילדע האָפן,
מיט ערד מיט פייכטער שמעקט דער סאָד.

אַ קיהלקייט שטרויִמט פון רויזן־בעכער,
פון יעדן קוסט, פון יעדער בײט, —
ווי ס'וואָלט דאָ עמיץ מיט אַ פעכער
די גאַנצע אומגעגענד בעוועהט.

און אין דעם טייך וואָס פּלאַפּעלט לויטער,
און ציהט זיך, אויסגעבויגען רונד,
שיינט אָפּ דער ברעג זיך, אַ בעטהויטער,
און ריינער לויכט דער זאַמד פון גרונד.

און, ריין בעזוניגט און בעוואַשען,
דערמאָנט דאָס פענסטער, דוכט זיך, איצט
זיין אויסגעשריי דעם הילכיג־ראַשען,
ווען ס'האָט דעם שטורעם זיך צובליצט.

עס פאַלען טראָפּענס זוניג־רונדע
מיט לייכטען קלונג פון צווייג און דאַך —
דאָס וויינט פאַר פרייד די שטילקייט־שטונדע,
און בענטשט דעם הימעל אויף איהר שפּראַך.

*

# אָוועונד-עטיוד.

## 1.

עס שמעקט אין פעלד מיט אָוועונד-בְּשָׂמִים.
די זון צינדט אָן צום לעצטען מאָל
די ווייט-געשטרעקטע קלויסטער-צְלָמִים,
וואָס קוקען, גאָלדענע, פון טהאָל.

אין מַערב שטאַרבען די רובינען,—
דער אָוועונד בלייבט דער וועלט געטריי,—
און מיעדער פלאַטערען די ביהנען,
און לאַנגזאַם שטאַרבט די זשומעריי.

דער לילאַ-שאָטען ווערט געדיכטער,
אַטהויען-רויכעל שטייגט אַ דינ'ס,
און אָט צושטראַהלט, אַנ'אומגעריכטער,
דער ערשטער בלויער פונק אין גרינ'ס.

פון ערגעץ היימיש-נאָהנטע שטעגען,
געמישט מיט אָבקלאַנגען פון טריט,
קומט אָן אַ שטילעס ליעד אַנטקעגען –
דאָס געָהען פויערטעס פון שניט.

דאָס ליעד געָהט אויס. די לופט ווערט רייגער.
כ'לעָג-צו מיין אויער צו דער ערד:
ס'איז שטיל, נור איבער זאַמד און שטיינער
מוז ערגעץ טראָגען זיך אַ פערד.

פערשפעטיגט איילט געווים אַ רייטער,
און וועקט פון שלאָף דעם שטויב אין וועג,
און ס'דוכט, אַז עמיצער אַ ווייטער
יאָגט-נאָך דעם טאָג, וואָס איז אַוועק.



## II.

דער קוקוק ענדיגט שוין אין וואַלד
די לעצטע זונען־אָטהעמ׳ס צעהלען,
עס וועט דער דונקעל קומען באַלד
פון זיינע אומבעקענטע היילען...

פון ערגעץ ווייט, פון מַעֲרָב־זייט,
דערשווימט אויף כוואַליעס פון די זאַנגען
דער חלום פון דער אָווענד־צייט
מיט זיינע לאַנגזאַמע געזאַנגען...

די ווערבעס שוויגען, גרין־געלאָקט,
ווי שווערע טונקעל׳ע געמפּעלטען;
זיי האָבען עפּעס ניט דערזאָגט,
און ערגעץ טיעף דעם סוף בעהאַלטען...

די וייטקייט וועהט מיט שטילען רייץ,
און אויף איהר פאָן, דעם ראָז־בעפלעקטען,
טרעט בולט׳ער אַרוים דער קרייץ,
וואָס היט איהר סוד דעם נישט־ענטפּלעקטען...

די ערד איז מיעד. אַ פרויען־צַער
ציהט ערגעץ ליעדער מאַנאָטאָננע;
און הייליג־יאוש׳דיג און שטאַר
געהט־אויף די איינזאַמע לְבָנָה...



# אַ נאַכט בײַם ניעמאַן.

ס'איז די פריהלינג'ס-נאַכט געקומען. אײנזאַם-שטאָלץ איז זי געשוואומען
אויף דעם ניעמאַן אויף דעם שטומען ווי אַ רויִכיגע געשטאַלט;
שטיל געשלײכט דורך זײנע װעגען, דורך לבנה'דיגע שטעגען,
װעלכע האָבען אונז אַנטקעגען װי אַ זילבער-נעץ געשטראַהלט.

בײ אַ בוים אַ גרין-צושפּרײטען זיך געטוליעט אײנס צום צווײטען
האָבען מיר זיך װי די קװײטען, װעלכע דרימלען אויף אַ בײט...
ס'שאָרכט אַ צװײג... אַ צװײטע... דריטע...—ס'האָט געװיס די זעל פון ליטאַ
דאָרט געפלאַטערט, אַ צובליהטע, און מיט טרויער אונז בעװעהט...

און אַרום האָט אַלץ געשװיגען, נור אַ ציטערדיגער ניגון
פלעגט זיך אָפט אין לופט צעװיגען און פערהױגען אונזער טרוים;
דאָרט, אין װײטקײטען אין גרינע האָט געװײנט אַ מאַנדאָלינע,
האָט געװײנט מיט סטרונעס דינע אין לְבָנָה'דיגען רוים...

און דער ניעמאַן האָט, אַ גוטער, שטיל געשמײכעלט, אַ בערוהטער,
און די נאַכט האָט װי אַ מוטער אונז בעגריסט דורך צװײגען-סְכַך,
האָט אונז שטיל אַרומגענומען, און כ'האָב, דוכט זיך מיר, פערנומען:
„טרוימט אײַך, טרוימט אײַך, ליבע בלומען! טרוימט—איך שטעה דאָ אויף דער װאַך!"..



# נָעמי׳לע.

אַ ליעבעס קינד איז נעמי׳לע, אַ קליינעס, בלאָנדעס מיידעלע ,
דער פינפטער פריהלינג געהט איהר שוין אַנקעגען פון דער וויים ;
זי האָט צוויי בלאָהע אויגעלעך, און ברעמען לאַנגע, איידעלע ,
וואָס ציטערען ווי פעדימלעך, ווי פעדימלעך פון זייד .

דער קאָפּ אין העלע פּרענזעלעך, אין גאָלד־געלאָקטע גלעקעלעך ,
צושטראַהלטע ווי אַ יוני־טאָג, און לייכטע ווי אַ טרוים ,
זיי קרייזלען זיך און קושען קוים די ראָזקייט פון די בעקעלעך ,
וואָס לויכטען זיך ווי עפּעלעך, געפּאַלען ערשט פון בוים .

אַ קורץ, פּעררייסען נעזעלע פערמאָגט דאָס בלאָנדע נעמי׳לע ,
און דינע־דינע ליפּעלעך, ווי ראָזער אָוועגד־שניי ,
איהר בוגעוודיגעס קערפּערעל איז ווי אַ פריהלינג׳ס־ביימעלע ,
וואָס רוישט פון מינדסטען ווינטעלע, און ווייסט נאָך נישט קיין וועה .

דעם טאָג דעם גאַנצען שפּיעלט זי זיך אויף בייטען פּאַרבּיג־בלומיגע ,
דעם טאָג דעם גאַנצען באָדט זי זיך אין בלומען ווי אַ בלום ,
עס קוקען ווי פערוואונדערטע די בלומען די אַרומיגע ,
און גלעטען זי און בעטען זי און רופען ליעבליך : „קום!״..

זי חבר׳ט זיך אַ גאַנצען טאָג מיט שמעטערלינגען לופטיגע ,
וואָס שטעלען אָפּט זיך אָפּ אויף איהר, און מיינען - ס׳איז אַ רויז ;
זי שפּיעלט מיט זיי, ביז ס׳קומען אָן אין אָוועגד ווינטלעך דופטיגע ,
און פיהרען זי מיט פעלד־גערוך אַהיים, צו זיך אין הויז .

און דאָרט, אין ווייסען בעטעלע, שטיל שלאָפען־איין די אויגעלעך ,
די קליינע בלאָהע הימעלעך, ווי יונגע מידע שאָף ,
אַ נאַכט אַ גאַנצע טרוימען זיי פון בלומען און פון פויגעלעך –
דער פינפטער פריהלינג שמייבעלט עס צו איהר אין קינדער־שלאָף .

*

# אין גאָרטען.

עס ציטערען אין טונקעל אין דעם האַלבען
צופּוסענ׳ס מיר די שאָטענס אונטערטעניג;
די טרויעריגע אָווענד-גייסטער זאַלבען
און וועהלען מיך אַצונד פאַר זייער קעניג.

עס צירען זיך אין זילבער מיינע בְּגָדים,
אַ קרוין צולייגט זיך אויף מיין קאָפּ אין מיטען:
דאָס פינקעלט אַ לבנה׳דיגער פּאָדים,
און ציהט צו זיך אַ צווייטען און אַ דריטען.

עס לויבען מיך די בלומען - איך דערקאָן עס
אָן זייער רויש, אָן זייער דינעם ריח;
און ווייט אין פעלדער ברייגנט מען מיר קרבנות:
אַ רויך אַ ווייסער שטייגט דאָרט פון מזבח.

איך זיץ אַליין, אַ שטאָלצער און אַ טריבער,
אין מלכות׳דיגען עלענד אַ פערליעבטער,
און עמיץ בויגט זיך איבער מיר אַריבער,
און מיינע האָר מיט בשמים-טהוי בעזיפּט ער.



# ראָנדאָ.

אויף זאַנגען לײגט זיך אויס די זומער־נאַכט,
דאָס דופטיג לײב מיט בלויער טול בעהאַנגען;
די אויגען איהרע זעַנען האַלב־פערמאַכט,
אַ יעדער פאַלד פון איהרע קלײדער וואַכט,
דערצעהלענדיג פון אומרוהיגע באַנגען...

אַ שלאָפטרונק האָבען װינטען איהר געבראַכט,
און קיהלען, װי מיט פעכער'ס, איהר פערלאַנגען;
זי ליגט אַזוי אין אָהנמעכטיגער פראַכט
אויף זאַנגען...

זי צערטעלט זיך און ציהט זיך אויס פערטראַכט,
פערנעהמענדיג די װײטע שאָרכען־קלאַנגען,
און קוקט מיט אַ בעהאַלטענעם פערדאַכט
צום מזרח, וואו איהר סוד װערט באַלד צוגאַנגען,
וואו ס'קומט די זון, און לאָזט איהר שײן בעזאַכט
אויף זאַנגען...

# פאַרנאַכט.

אָקטאַוועז

אָ, שאָטענדיגע, אָוונדיגע שָעה׳ען —
ס׳האָט אײַער פליגעל ווידער מיך בעשיצט!
מײַן האַרץ איז איצטער לײַכט, אַזוי ווי טהויען,
וואָס האָבען זיך אין אײַער פעלד צושפריצט;
און אין מײַן בליק נעהמט אײַער שטילקייט בלויען,
די שטילקייט, וואָס בעוועהט די פעלדער איצט;
אָ, זייט געבענשט פאַר אײַער שטילע רוהֹ,
וואָס עפענט ס׳האַרץ און מאַכט דעם מוֹחַ צו!

עס לויכטען אויפ׳עט מיטטיש-בלוי די שויבען,
ווי ביים געבעט אין טעמפּעל אָוונד-צייט;
און תּפילות קומען לופטיגע ווי טויבען —
פון אומבעקענטען לאַנד, פון ערגעץ ווייט;
און עמיץ קריצט מיט זילבער אויס דעם אויבען,
און עמיץ פרעגט: „דו ווייסט, וואָס דאָס בעדייט?“
אָ, יאָ! דאָס ווייזט איהר פראַכט די אָוונד-שעה —
די בְּשָמִים׳דיגע, שעהנע מַלְכַּת שְבָא...

דער טאָג-װעג מיט די זאַמדיגע זיגזאַגען
האָט זיך פֿערטװישט אין גרין-בעטהױטען שטעג;
פֿון לְבָנה'יגע, קריסטאָלנע סאַרקאָפאַגען
זִכרונות שטײגען-אױף פֿון װײטע טעג;
זײ קוקען זיך אַרום, װי ס'װאָלט נישט װאַגען
בערירען זײער פּוּם דעם ערדענבּרעג...
נור ביסלעכװײז דער שרעק פֿון זײ אַנטרינט,
און זײער נעץ װערט זיכערער געשפּינט.

ס'איז די לבנה שטיל, װי אַ לאַמטערן,
װאָס ברענט אין נאַכטיג יַם בײם שפּיץ פֿון מאַסט;
די שטערען מיט אַ שמײכעל מיך בעהערען–
אַ שטומער גרוס אַ צופעליגען גאַסט.
און צװישען אַלע זעה איך קלאָר מײן שטערען,
מיט װעלכען כ'בין נאָך פֿון מײן װיעג פֿער'קנס'ט;
ס'איז האַלב פֿערמאַכט זײן זילבער-גרינע ברעם,
און ס'ציטערט שטיל אויף איהם זײן דיאַדעם.

אָ שטילע שעה'ען! כ'ליעב אײך װי דער פּאַװן,
װאָס שפּרינגט אַצונד אין װאַלד מיט לײכטע טריט...
אָ, זעהט: איך מורמעל תּפילות אײך, איך דאַװן–
אַ הײליגקײט מײן בליק און װאָרט פֿערציהט;
און אין די לאַנגזאַם-ריטהמישע אָקטאַװען
פֿליסט-איבער מײן בערוהיגטער געמיט.
כ'פּיהל אויף מײן קאָפּ, װאָס איז אָן ברוסט געלעהנט,
דער אָװענד-שטילקײט'ס בענטשענדיגע הענט.

✽

## ביים זונענפערגאַנג.

ווען נאָר קומען דער אָוונט, וועל איך גיין צו די שטאַמען,
וועל איך גיין צו די שטאַמען פון די איינזאַמע פיכטען;
כ׳וועל מיך לייגען אַ שטילער מיט די שאָטענס צוזאַמען,
מיט די שאָטענס צוזאַמען אויף דעם מאָך דעם געדיכטען...

און אויף לופטיגע פליגעל וועט דאָס ווינטעלע קומען,
וועט דאָס ווינטעלע קומען פון דער ווייטען צושוועבען,
און וועט שטיל מיר דערציילען, וויפיעל גראָזען און בלומען
וויפיעל גראָזען און בלומען האָט ער קושען געגעבען...

און אַנ׳אָבשיין אַ ראָזער, מיט דעם ווינטעל געאַרעמט,
מיט דעם ווינטעל געאַרעמט וועט אויף ברעמען מיר פאַלען,
און וועט שטיל מיר פערטרויען, ווי געגלעט און געוואַרעמט
ווי געגלעט און געוואַרעמט האָט ער לאָנקעס און קוואַלען...

איבער מיר וועלען צאַנקען, ווי פער׳כּשופ׳טע מנורות
ווי פער׳כשופ׳טע מנורות דינע שפּיצען פון פיכטען,
און פערשלעפערען ליעבליך וועט אַ דופטיגער קטורת,
וועט אַ דופטיגער קטורת פון דעם טהוי דעם געדיכטען...

*

# סוף זומער.

אָקטאָווען.

עס ענדיגען די זומער־געטער
די בעכער׳ס טרינקען ביז צום גרונד;
די זון–זי גערט שוין אויף אַלץ שפּעטער,
און פריהער קלינגט איהר „זיי געזונד!“
עס מעהרען זיך אויף דר׳ערד די בלעטער,
און רויט איז יעדע ווי אַ וואונד.
אַ דינער פאָרגעפיהל פון קעלט
שטייגט־אויף און ציטערט אין דער וועלט.

דער ווינט–ווי איינגעהאַלטען שטיפט ער,
ער שעמט זיך איצט פאַר זיין קאַפּריז;
דער הימעל–בלויער ווערט, פערטיעפטער,
און טראַכט פון דעם, ווי שטיל עס איז;
עס דוכט–עס איז געוואָרען נִפְטָר
אַ הייליגער, אַ גרויסער ריז.
דאָס פעלד איז פול מיט זאַנפטען וועה,
וואָס שוועבט מיר נאָך, וואוהין איך געה.

עס איז אין הימעל לאַנג פערגאַנגען
דער לעצטער ציטערדיגער בליק;
ס׳האָט שוין דערזונגען צווישען זאַנגען
דער סערפּ זיין ליעד אין גאָלדען היק;
פערבענקטער ווערען די געזאַנגען
פון גרינליך־געלבען ווערבע־שפּיץ;
און אין די נעכט אַלץ מעהר און מעהר
שיט שטערען טרויעריגע וועהר.

*

## הערבסטיגע בלעטער.

בעריאָזקעלעך שטעהען
אין ליכטיגע רייהען,
ווי יונגינקע פעען
אַנ'איינזאַמער כאָר;
און ס'צאַנקען די פלאַמען
אויף זייערע שטאַמען,
ווי פורפורנע קאַמען
אויף העל-בלאָנדע האָר...

און בלעטעלעך פליהען,
און לויכטען און גליהען,
און, גליהענדיג, ציהען
אַ טאַנץ אין דער מיט;
מיין פוס ווערט פערזונקען
אין פאַרביגע פונקען,
און שטיל ווערט דערטרונקען
דער קלאַנג פון די טריט.

אָ, הערבסטיגע בלעטער!
זיי שטראַהלען אין עטהער
ווי גרוסען פון געטער,
וואָס שטאַרבען שוין אָפּ!
זיי שאָרכען אַנטקעגען
אַזוי ווי אַ רעגען,
און צירען די שטעגען,
און דעקען מיין קאָפּ.

בעהענגען אינגאַנצען
מיין קאָפּ ווי מיט קראַנצען,
מיט קראַנצען, וואָס גלאַנצען
ווי קרוינען פון גאָלד...
און אומעטיג שטעהען
בעריאָזקעס ווי פעען,
אין ליכטיגע רייהען,
מיט פורפור בעמאָהלט...



## דער אָרגאָנאַפּט.

סאָנעט.

איך שווים שוין לאַנגע יאָהרען אויף מיין רייכען
און פיין-געשניצטען זוניגען אַרגאָ;
און מעג מיין קאָפּ אינגאַנצען ווערען גראָה –
איך טרעט נישט אָפּ פון וועג פון איינציג גלייכען.

כ׳שנייד-דורך די פלאַך פון יַמ׳ען און פון טייכען,
כ׳בין נעכטען דאָרט געוועזן, און היינט-שוין דאָ;
און שטראַהלענדיג און ניי איז יעדע שעָה,
חאָטש ס׳איז מיר שווער מיין וויטען ציעל עררייכען.

ס׳קאָן זיין: מיט אויגען גליקליכע און מידע
וועל איך נאָך ווען דערוועהען מיין קאָלכידע,
צו וועלכער ס׳ציעלט מיין גאַנצע יוגענד-קראַפט...

דערווייל-אין וועג, צו זוכען מיין קַמֵיע!
ס׳מוז ערגעץ וואו אַ פרעכטיגע מעדעַע
ערוואַרטען מיך, דעם יונגען אַרגאָנאַפט...

*

# אינהאַלט:

# תִּקוּן טָעוּת.

| זייט: | שורה: | אָנשטאָט: | דארף שטעהן: |
|---|---|---|---|
| 4 | 1 | musque | musique |
| 4 | 1 | tout | toute |
| 15 | 13 | פיִאָלאָטער | פיִאָלעטער |
| 27 | 13 | לאַכט | לאַכסט |
| 37 | 2 | נערטייער | נעטרייער |
| 138 | 37 | צי! | זי |

די צייכנונג אויף דער הילע פון ה׳ שוּסטער.

די צייכנונג אויף זייטע 8 פון אויטאָר.

